

## י. כמורנער

(יוסף לעשטשינסקי)

געבוירן 2 יאנואר 1884 — האָראָדישטשע, קיעוו׳ גוב׳
געשטאָרבן 30 יולי 1935 — ווארשע.

דאָס דאָזיקע ביכל איז אָנגעשריבן צום אָנדענק פון אַ פריינד און חבר.

דאָס דאָזיקע ביכל איז אָנגעשריבן צום צווייטן יאָר־צייט פון אומפאַרגעסלעכן יוסף.

און כאָטש עס איז שוין אַריבער צוויי יאָר, זינט יענעם פינצטערן טאָג, ווען יוספס קערפּער איז איבער־געגעבן געוואָרן צו דער ערד, און כאָטש דאָס זענען געווען צוויי יאָרן פון גרויזאַמע און דערשיטערנדע וועלט־געשעענישן, — איז דאָך די ווונד פון יוספס אבדה נישט פאַרהיילט געוואָרן, נישט געמינערט געוואָרן.

און אָט שטייט ער פאַר די אויגן — קלוג און גוטמוטיק, ליב און האַרציק, פול מיט לעבן און קאַמפּס־לוסטיקייט. יוסף האָט אַלעמען צוגעצויגן מיט זיין טיפער מענטשלעכקייט, מיט זיין איינפאַכקייט און אוממיטלבאַר־קייט. יוספן האָט מען נישט נאָר געאַכטעט, מען האָט אים ליב געהאַט, מען איז געווען מיט אים חבר.

אַוועק אַ ליכטיקע פּערזענלעכקייט! געוואָרן ווייניקער מיט איין שיינעם מענטש אויף דער וועלט!

די וועלט איז גרויס, אָבער ווי ווייניק שיינע מענטשן זי פאַרמאָגט! יוסף איז געווען אַזעלכער.

דאָס ייִדישע וועלטלעכע לעבן, די ייִדישע אַרבע־טער־באַוועגונג איז אָרעמער געוואָרן — אַוועק איינער פון די אַקטיווסטע, פרוכטבאַרסטע און שעפערישסטע.

וואָס איז געווען יוספס לעבן? אַרבעט און קאַמף. אַרבעט נישט פאַר זיך, נישט צוליב עגאָיִסטישע צוועקן, נאָר אַרבעט פאַר דער געזעלשאַפט, פאַרן אַרבעטער־קלאַס. אַליין זיך באַגנוגנט מיטן אָרימסטן חלק אין לעבן, האָט ער מיט אָפענער האַנט געשאָנקען גײַסטיקע רײַכטימער דער פראָלעטאַרישער עפנטלעכקייט, דעם ייִדישן מאַסנ־מענטש.

אַ לעבן -- אַ מוסטער פון אידעאַליזם און קריש־טאָל־ריינקייט.

אַ לעבן — אַ מוסטער פון אַרבעט, פון געזעל־שאַפטלעכער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, פוןווירדיקן זעלבסט־באַוווסטזיין.

אַ לעבן — פון שטענדיקע זוכענישן און פאָרשונ־גען, פון שטענדיקן אומרו, פון שטענדיקן שטרעבן פאָר־אויס — צו די העכסטע אידעאַלן פון דער אַרבעטנדיקער און דענקענדער מענטשהייט.

אַ לעבן — פול מיט טיפן זינען, פול מיט צילבאַ־וווסטקייט און לעבנס־קלוגשאַפט.

אַזוי איז געווען אונדזער ח׳ יוסף.

און נישט נאָר כּבוד און באַוווּנדערונג פאַר זיין שיינעם לעבן ווערט דאָ געצייכנט. דאָ ווערט באַשריבן אַ לעבנסוועג, וואָס דאַרף דערציִען דורות און דורות יוגנטלעכע, ניי־אָנקומענדיקע אין די רייען פון די מחנות קעמפער פאַר אַ נייער וועלט.

הייליק איז געווען דאָס לעבן פון ח׳ יוסף. הייליק איז פאַר אונדז אַלעמען זיין אָנדענק.

מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם און ציטערנדיקער פע־דער — זענען דערפאַר די ווייטערדיקע בלעטלעך גע־שריבן...

# פֿרײַע קינדער־יאָרן.

ה אָ ר אָ ד י ש ט ש ע — אַזוי הייסט דאָס שטעטעלע, ווו י ו ס ף ל ע ש ט ש י נ ס ק י איז דעם 2טן יאַנואַר 1884 געבוירן געוואָרן, דאָ איז ער אויך אויפגעצויגן געוואָרן.

איך האָב געקענט דעם ח׳ יוסף אַן ערך 20 יאָר, שטענדיק מיט אים צוזאַמען געאַרבעט, זיך באַטייליקט אויף זיצונגען, געשמועסט. און ווען ער איז נאָר געווען שטאַרק פֿאַרטיפֿט, גוט געהערט עמיצן, אָדער זיך דערנערווירט, — איז ער געזעסן מיט אַ בלײַפֿעדער אין האַנט און געשריבן צענדליקער, הונדערטער מאָל נאָך אַנאַנד, און אויף רוסיש שטענדיק, דאָס דאָזיקע וואָרט: האָראָדישטשע... מיט גרויסע בוכשטאַבן, אויסגעציקלט, אויסגעדריידלט, מיט שיינער האַנטשריפֿט, פֿאַרפּוצט, אונטערגעשטראָכן: האָראָדישטשע...

איך בין קיינמאָל נישט געווען אין דעם שטעטל, איך ווייס נאָר, אַז עס ליגט 6 שעה פֿון דער גרויסער עיינער שטאָט קיִעוו, $2^1/_2$ שעה פֿון טשערקאַס. איך קען דאָס לאַנדשאַפֿט פֿון יענער פּרעכטיקער געגנט אין אוקראַינע. וועלדער און אויך פֿרײַע אָפֿענע פֿעלדער, גרויסע צוקערפּלאַנטאַציעס, פֿעלדער מיט בוראַקעס און מיט כּל־טוב. אַ רויִקע, רחבותדיקע מדינה, וועלכע איז געשיצט דורכן אַלטן, גרוי־אַלטן טײַך ד נ י ע פּ ר. עס האָט געמוזט זײַן אַ ליב, חנעוודיק שטעטל — אָט דאָס האָראָדישטשע. און דערפֿאַר איז עס אַזוי אײַנגעבאַקן געווען אין האַרצן פֿון טײַערן ח׳ יוסף.

און אַט איז די שטוב, ווו ער איז געבוירן גע־ וואָרן, געוואַקסן.

זייער אַ פרומע שטוב. איבערהויפּט — דער פּאָטער. עס איז געווען אַ לומדישע שטוב. איידעמס זענען גע־ זעסן אויף קעסט און געלערנט. מ׳האָט כסדר געפּראַוועט „סיומס״...

אַ שטוב פון אַ סך קינדער. אַמאָליקע יאָרן! 20 קינדער האָט יוספס מוטער געבוירן, און פון זיי איז בלויז אַ העלפט געבליבן — 7 בחורים, 3 מיידלעך.

וועגן יוספן איז געווען אין דער פאַמיליע אַ לע־ גענדע: די מאַמע האָט אים געבוירן אויפן וועג פון גע־ יועלב — אין שטוב... שוין קליינערהייט האָט יוסף אויס־ געזען געל, דאַר, מיט אַ שוואַכער האַנט. געלערנט ביי משה־לייב דעם מלמד. געווען אַ ווונדערלעכער תלמיד. און וואָס עס זאָל זיך נישט מאַכן אין חדר אָדער אין שטוב, אים האָט מען קיינמאָל נישט אָנגערירט: אַ קראַנ־ קער!... אויף זיין גאַנץ לעבן האָט יוסף נישט פאַרזוכט דעם טעם פון קלעפּ. אַפילו דער שטרענגער פאַנאַטישער טאַטע האָט אים געשאַנעוועט. זיבן ברידערלעך אין שטוב, האָבן נישט געפעלט קיין קריגערייען, געשלעגן. נישט איין מאָל האָט זיך איין ברודערל נאָכן צווייטן געיאָגט: איך מוז אים נאָר הרגענען... אָבער יוספן האָט קיינער נישט געטשעפּעט!

דער פּאָטער — ר׳ דוד האָט ער געהייסן, — האָט געהאַנדלט, געהאַט אַן אייגענע קראָם פון באַקאַליי און גאַלאַנטעריי. אָבער שטענדיק האָט אים אויסגעפעלט געלט צום געשעפט, זיין אייגענער פאַרמעגן איז געווען זייער אַ באַשיידענער. האָט מען געדאַרפט באָרגן, געדאַרפט שרייבן וועקסלען — און שפּעטער זאָרגן וועגן צאָלן די וועקסלען. האָט מען יעדן פרימאָרגן, פאַרן און נאָכן דאַווענען, געקאָנט הערן דעם פּאָטער טיף קרעכצן און זיפצן. ער איז געווען אַ גרויסער אָרנטלעכער מאַן, און ער איז שטענדיק אַרומגעגאַנגען מיט דער מורא אין זיין

הארצן: טאָמער, חלילה, שטאַרבט ער פלוצלינג, און עס בלייַבן נישט-באַצאָלטע וועקסלען, ער שטאַרבט אַן „אָנ-זעצער"...

אָבער יוספס פאָטער איז געווען אַ שטאָלצע, אייַנ-געשלאָסענע נאַטור, און לויפן צום גביר באָרגן געלט אויף פראָצענט אָדער בעטן אַ גמילות-חסד — דאָס איז געווען שווער, פשוט אוממעגלעך. און דאַן איז אים צו-הילף געקומען זייַן לעבנס-באַגלייטערין, זייַן פרוי...

לייַען געלט בייַם גביר, פאַררעדן אים די ציין, איסבעטן, איסדיינגען — דאָס איז געווען איר עובדה. זי פלעגט אַוועק צום גביר — און ער, דער פאָטער, פלעגט שטיין בייַ דער טיר פון שטוב אָדער געוועלב און אַרויס-קוקן אויף איר, זי זאָל ברענגען די ישועה. אָפטמאָל פלעגט עס איר אָנקומען צו שווער, עס האָט נישט גע-האָלפן איר קלוגשאַפט, נישט בייַגעשטאַנען איר ווונדער-שיינקייט, זי האָט זיך געזוימט לאַנג, אומגעהייער לאַנג. און ער, דער פאָטער, שטייט אַליין אויף דער שוועל און קוקט זיך די אויגן אויס, ער באַגיסט זיך ממש מיט שווייס, ער לייַדט די שרעקלעכסטע יסורים... שוין לויט אירע טריט דערקענט ער — צי זי האָט געקראָגן געלט. אָט אַזאַ מענטש איז געווען ר' דוד לעשטשינסקי. אָבער אַליין האָט ער קיינמאָל קיין גראָשן נישט געליִען!

דער פאָטער — אַ גראָדליניקער, אַ האַרטער, אַ פאַ-נאַטיקער. די מוטער — אַ ווייכער מענטש, אַ קלוגע, פאַרגלעטנדיקע. דער פאָטער שטרענג, געוואַלדיק ערלעך, אַן אומגעווייגלעכער עקשן, נישט אָנערקענט קיינע קאָמ-פראָמיסן. די מוטער — נאָכגיביק, זיך-צופאַסנדיק, מיט דער שטענדיקער בקשה: מאַכט מיר נישט קיין גיהנום אין שטוב...

יוסף איז געווען אַ האַרמאָניש געמיש פון טאַטען און מאַמען...

וואָס פאַר אַן אַטמאָספער עס האָט געהערשט אין שטוב, באַווייַזן אַזעלכע פאַר פאַקטן:

ווען יוסף איז אַלט געווען אַ יאָר 5—6, איז קיין

האָראָדישטשע אַראָפּגעקומען דער ראַכמיסטריווקער רבי, ר׳ דודל טווערסקי. איז דער רבי געווען אין שטוב ביים אַלטן לעשטשינסקי. מ׳האָט אויסגעשטעלט אַלע זיבן בנים, און דער רבי האָט זיי געבענטשט... דאָס איז נישט געווען קיין אָנשטעל, דאָס איז געווען לעבנסשטייגער, פּיעטעט, גלויבן...

ווען דער פֿאָטער האָט דאָס ערשטע מאָל דערזען ביים עלטערן זון יעקב דאָס באַרימטע בוך „מסתרי פּאַריז", האָט ער דעם דאָזיקן אומשולדיקן טריף-פּסולן ספר תיכף פֿאַרברענט...

הגם יוסף איז געווען כמעט דער יינגסטער, און ווי געזאָגט האָט מען אים געשוינט, ווייל ער איז געווען אַ קרענקלעכער, און אַלע קינדער האָבן צו אים דערפֿאַר געהאַט שרעקלעכע קנאה, איז דאָך געשען אַזוי אַמאָל:

יוסף איז שוין אַלט געווען ביי 13 יאָר. עס איז געווען ראש-השנה. און ער איז דאָס ערשטע מאָל — נישט געגאַנגען דאַווענען אין שול אַריין! נישט געגאַנגען צוגלייך מיטן פֿאָטער, נישט געקומען שפּעטער אַליין. אָבער דער פֿאָטער האָט דאָס גוט באַמערקט... זיין צאָרן האָט געברענט...

און אָט איז דער פֿאָטער שוין געקומען פֿון בית-מדרש. יוסף איז נישטאָ. מען זעצט זיך שוין עסן — ער איז נישטאָ. עס געדויערט אַ ביסל — און ער קומט אָן. ער מאַכט זיך פֿרום, ער מאַכט זיך ווי געוועזן אין בית-מדרש, און ווען ער איז נאָך הינטערן פֿענצטער, צעזינגט ער זיך מיטן חזנישן ניגון אַ שטיקל פֿון די תפֿילות: לאל עורך דין... ס׳הייסט: איך בין דאָ, איך בין נאָך אַלץ אונטערן איינדרוק פֿון די הייליקע תפֿילות...

אָבער ס׳האָט נישט געהאָלפֿן! דער פֿאָטער האָט זיך נישט געלאָזט אָפּנאַרן, ער האָט זיך דערקענט אויף זיין „כיטרען" זון. און עס האָט זיך געענדיקט גאַנץ טראַגיש: דער פֿאָטער האָט אים אַרויסגעטריבן — וואָן פֿון שטוב! און קיינער האָט זיך נישט געוואַגט איינצושטעלן... דער קליינער יוסף איז אַוועק פֿון שטוב...

ערשט אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט מען אים געקאָנט צוריק אַרײַנברענגען, און ער האָט זיך געמעגט ווײַזן פֿאַרן טאַטנס אויגן...

דאָס זעלבע האָט זיך איבערגעחזרט בײַם אַנטון, דאָס ערשטע מאָל דאָס שוואַרצע העמדל, וועלכעס איז דעמאָלט געווען אין דער מאָדע בײַ דער גאַנצער יוגנט; אַרויסגעריסן זיך פֿון אונטערן אײַנפֿלוס פֿון שטוב און בית-מדרש, איז דער ערשטער „רעוואָלוציאָנערער” אַקט בײַ דער דעמאָלטיקער יוגנט געווען: אָנטון אַ העמדל איבער די הויזן! אָבער נישט בײַם פֿרומען ר׳ דוד איז עס אָנגעגאַנגען! ער האָט געסקאַנדאַלעוועט, געוועז קאַ-פּאַבל פֿון שטוב אַרויסצוטרײַבן דעם ווידערשפּעניקן אויפֿשטענדער...

# די דערוואַכונג.

און דאָך האָט יוסף — אָט אין דעם קליינעם שטעטל, אין דער דאָזיקער קליינבירגערלעכער און רע־ליגיעז־פּאַנאַטישער סביבה — זיך אָנגעהויבן אין גיכן רײַסן צו אַ נײַ לעבן, אָנגעהויבן קלײַבן דערפאַרונגען און געדאַנקען, וועלכע האָבן אים אין די שפּעטערדיקע יאָרן געבראַכט צו דעם פּונקט, ווי ער איז געוואָרן י. כ מ ו ר נ ע ר.

ווי אַרום איז דאָס געשען? וועמען האָט ער דאָס צו פאַרדאַנקען?

פריִער פאַר אַלץ האָט געאַרבעט — ד י צ ײַ ט. יענע יאָרצענדליקער (די אַכציקער און נײַנציקער פון פאָריקן יאָרהונדערט, און דער אָנפאַנג פון הײַנטיקן יאָר־הונדערט) — דאָס איז געווען אַ תקופה, ווען דאָס אַלטע צאַרישע רוסלאַנד האָט אויפגעוואַכט פון טיפן שלאָף און זיך אָנגעהויבן רײַסן צו גרויסע פּאָליטישע און סאָציאַ־לע איבערקערענישן. און אָט די נײַע שטימונגען — האָבן זיך דערטראָגן אַזש קיין האָראָדישטשע.

סוף די זיבעציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט האָט זיך אין רוסלאַנד אָנגעהויבן אַ גרויסע פּאָליטישע באַוועגונג. עס איז געגאַנגען אַ פּראָפּאַגאַנדע צווישן די אַרבעטער און פויערים. רעוואָלוציאָנערע אינטעליגענץ האָט זיך אָנגעטון אין פּראָסטע מלבושים און געגאַנגען אין פאָלק, דאָ צווישן אים געלעבט און געאַרבעט, דאָ אַגיטירט פאַר אַ נײַ רוסלאַנד. עס זענען אַריבער עט־

לעכע יאָר, די צאַרישע רעגירונג פֿאַרפֿאָלגט אויפֿן גרויזאַמסטן אופֿן די נײַע באַוועגונג — און דערמיט אַליין שטויסט זי איר אויף נײַע וועגן. די געהיימע רעוואָלוציאָנערע אַגיטאַציע פֿאַרוואַנדלט זיך אין אַ טעראָריסטישער באַוועגונג. פֿריִער איז מען זיך נוקם אין די אַגענטן פֿון דער מאַכט און אין די אייגענע פּראָוואָקאַטאָרן, שפּעטער ווערט דער טעראָר — פּשוט אַ מיטל פֿון פּאָליטישן קאַמף, ער פֿאַרוואַנדלט זיך אין אַן אָפֿענעם צווייקאַמף צווישן דער זעלבסטהערשאַפֿט און דער רעוואָלוצ' פּאַרטיי „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" (פֿאָלקספֿרײַהײַט).

עס זענען טעטיק איבערן לאַנד צענדליקער געהיימע קרײַזן. מען גרינדעט פֿאַרשטעלטע געוועלבער און וואַרשטאַטן, וווּ די רעוואָלוציאָנערן אַרבעטן אויס באָמבעס, זאַמלען דינאַמיט, גרייטן צו פּלענער פֿון אַטענטאַטן אויף אַ גובערנאַטאָר, אויף אַ זשאַנדאַרמען־פּאָלקאָווניק, אויף מיניסטאָרן, אויפֿן קייסער אַליין... דאָס לאַנד קאָכט... אין דער באַפֿעלקערונג זאַמלען זיך אַלץ מער סימפּאַטיעס צו די רעוואָלוציאָנערן, מען פֿאַרגעטערט זיי, מען שיקט זיי געלט, מען באַהאַלט זיי אויס בעת אַ געפֿאַר. עס קומען פֿאָר גרויסע עפֿנטלעכע פּראָצעסן, מען פֿאַרמשפּט די רעוואָלוציאָנערן צום טויט, — אָבער דאָס רײַסט נאָך מער אַרונטער דעם אויטאָריטעט פֿון דער מאַכט, עס גרייט נאָך מער צו דעם טאָג פֿון איר ענדגילטיקער מפּלה.

אָט די אַלע שטימונגען האָבן זיך דערטראָגן אויך קיין האָראָדישטשע. דאָ איז געווען אַ גרויסע צוקערפֿאַבריק, וווּ עס האָבן געאַרבעט עטלעכע הונדערט אַרבעטער. (דער דירעקטאָר פֿון דער פֿאַבריק איז אַגב געווען דער פֿאָטער פֿון שפּעטער באַרימט־געוואָרענעם פּיאַטאַקאָוו, איינער פֿון די אַקטיווסטע טוער פֿון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע, וועלכער איז אין 1937 פֿאַרמשפּט געוואָרן צום טויט אין איינעם פֿון די מאָסקווער פּראָצעסן).

אויף די בוראַקעס־פֿעלדער האָבן געאַרבעט טויזנ־

טער פויערים. נישט ווײַט פון שטעטל זענען געווען נאָך אַ פּאָר קלענערע צוקער-זאַוואָדן. דאָ זענען אויך געווען גרויסע גיטער פון רײַכע פּריצים, וועלכע האָבן געשונדן די הויט פון די אוקראַיִנישע פּויערים. אַרום — געדיכטע מאַסן האָרעפּאַשניקעס, שטענדיק הונגעריקע און באָרוועסע. און עס איז געווען נאַטירלעך, אַז די רעוואָלוציאָנערן האָבן זיך געפּרוווט באַאַרבעטן אָט דעם באָדן און געווינען יענע אַרבעטנדיקע עלעמענטן פאַר די אידעען פון דער רעוואָלוציע.

די אַרבעט איז געגאַנגען אין געהיים. אָבער אירע אײַנפלוסן האָבן זיך געשפּרייט אומבאַמערקט. מען האָט זיך אין שטעטל געשושקעט... מען האָט זיך איבערגעגעבן אויפן אויער פאַרשידענע געהיימנישן. און אַ פאַקט איז, אַז האָראָדישטשע איז איין צײַט טאַקע געווען אַ שטיקל צענטער פון די נאַראָדאָוואָלצעס. דאָ זענען געווען צוויי רײַכע פּויערים, יאַכנענקאָ און סעמערענקאָ, וועלכע זענען געוואָרן נאַראָדאָוואָלצעס, און האָבן אָפּגעגעבן זייערע הײַזער צום דינסט פון דער רעוואָלוציע. האָט מען דאָ געגרייט באָמבעס, אַטענטאַטן. שפּעטער איז עס אויפגעדעקט געוואָרן, מ׳האָט די צוויי באַלעבאַטים אַרעסטירט, פאַרשיקט... אַהער פלעגט אָפט אַראָפּקומען דער באַרימטער אָרגאַניזאַטאָר און מיטגליד פון צענטראַל-קאָמיטעט (אויספיר-קאָמיטעט) פון „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" — אַנדריי זשעלאַבאָוו (שפּעטער אומגעקומען אויף דער תּליה). איין צײַט האָט ער דאָ אַפילו געוווינט און געפירט אַ קאָנספּיראַטיוון שוסטער-וואַרשטאַט. אין שטעטל האָט מען געוווסט צו דערציילן זייער פיל לעגענדעס וועגן זשעלאַבאָוון און זײַן טעטיקייט.

אויך אין דער ייִדישער באַפעלקערונג האָבן זיך געלאָזט פילן די נײַע שטימונגען. געווען אַ ביסל ייִדן אָנגעשטעלט אין די צוקער-פאַבריקן, אַ ביסל פרײַערע, גאַנצע אָדער האַלבע משׂכּילים. מ׳האָט שוין געוווסט אין שטעטל אָנצורופן דאָס הויז פון פאָטער פון בער סלוצק

(אַ באַקאַנטער ייִדישער שרײַבער און פּובליציסט), וווּ מ׳האָט שוין געטרונקען טיי אום שבת... די יוגנט האָט זיך אָנגעהויבן פילן פרײַער...

איינער פון די ערשטע אין שטעטל, וועלכער האָט זיך אַרויסגעריסן פון די פּענטעס פון פרומקייט און באַגרענעצטן לעבן, איז געווען — י ע ק ב לעשטשינסקי, אַ ברודער פון אונזער יוסעפן, עלטער פון אים מיט גאַנצע 8 יאָר. אָט דער יעקב האָט עס געהאַט אַ זייער היפּשע ווירקונג אויף יוסעפן, ער האָט פאַר אים אויסגעטראָטן דעם וועג צו וועלטלעכער בילדונג, צו נײַער אָריענטאַציע אין לעבן, און שפּעטער — צו דער אַרבעטער־באַוועגונג. צווישן די צוויי ברידער איז געווען אַ גרויסע צוגעבונדנקייט און ליבע, וועלכע האָט געדויערט ביזן לעצטן אָטעם פון ח׳ יוסף.

יעקב לעשטשינסקי האָט אַליין אַדורכגעמאַכט אַן אינטערעסאַנט לעבן, און בײַ הײַנטיקן טאָג איז ער אַן אָנגעזעענער ייִדישער געלערנטער, פאָרשער פון ייִדישער דעמאָגראַפיע און עקאָנאָמישן לעבן פון די ייִדישע מאַסן אין דער גאָרער וועלט.

צו 20 יאָר איז יעקב אַוועק פון דער היים קיין אָדעס. נישט געקענט קיין וואָרט רוסיש, האָט ער זיך אַוועקגעלאָזן אין דער גרויסער אַפּיקורסישער שטאָט אָדעס — זוכן דאָ בילדונג, אַ נײַ לעבן. פאַרשטייט זיך, ער האָט דאָס געטון קעגן ווילן פון די עלטערן, און נישט געקאָנט רעכענען אויף קיין שום מאַטעריעלע שטיצע פון זייער זײַט.

אויף יום־טוב און אויף זומער פלעגט זיך יעקב אַראָפּכאַפּן אַהיים. ער האָט אַראָפּגעבראַכט מיט זיך די ביכער, און דאָ געזעסן און געקנעלט. דער ייִנגערער יוסף האָט געמיינט, גאָט ווייסט וואָס פאַר אַ ביכער דאָס זענען, וואָס פאַר אַ געהיימניש עס ליגן אין זיי. איין מאָל, ווען יעקב איז געווען פאַרשפּאַרט אין צימער און

געהערט, האָט יוסף אויסגענוצט אַ געלעגנהייט און זיך אונטערגעגנבעט, כּדי צו זען — וואָס עס איז פאַר אַ געהיים בוך... דאָס איז געווען די באַרימטע, היינט שרעקלעך-פאַרעלטערטע כרעסטאָמאַטיע פון גאַלאַכאָוו... אָבער פון דאַן אָן האָט יעקב דעם ייִנגערן ברודער געמאַכט פאַר אַ שותּף צו זיין „רעוואָלוציאָנערער" טעטיקייט. זיי האָבן געשלאָסן יד אחת... און ווען אין אַ ציים אַרום איז יעקב ווידער געקומען אַהיים, האָט יוסף פאַר אים צוגעגרייט אַ סיורפּריז: ער האָט פאַר די פאַרגאַנגענע עטלעכע חדשים זייער ענערגיש געזאַמלט אַ קאָפּיקע צו אַ קאָפּיקע, און אין רעזולטאַט אונטערגעטראָגן יעקבן אַ טייערע מתּנה — 8 רובל, כּדי ער זאָל האָבן מיט וואָס ווייטער זיך צו לאָזן אין וועג, ווייטער לערנען און דערקענען די וועלט...

עס זענען געווען די ערשטע יאָרן פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. אַ טייל פון דער בירגערלעכער יוגנט איז אַרונטערגעפאַלן אונטער דער ווירקונג — און אויך יעקב איז געווען צווישן זיי. און אַזוי ווי ער איז געווען אַ גרויסער אויטאָריטעט פאַר יוספן, האָט ער אויך אים אָנגעשטעקט מיטן נייעם גלויבן... איצט האָט ער שוין אָפן געלערנט יוספן רוסיש און אַריטמעטיק, ער האָט מיט אים אויך געלייענט די נייע העברעיִשע אויסגאַבעס פון פאַרלאַג „תּושיה". געלייענט מיט אים דעם זשורנאַל „השלח", וואָס זיין רעדאַקטאָר און הויפּט-וואָרטזאָגער איז געווען דער באַרימטער אחד-העם. און אין גיכן — איז שוין יוסף אַליין אַ פאַרטיקער אַגיטאַטאָר פון ציוניזם, אָט זיצט ער שוין ביי אַ „קערה" אין שול (אַ טעלער צום זאַמלען געלט פאַר ארץ-ישׂראל), מען קען אים שוין אין שטעטל אַלס ציוניסט. און ערשט זעכצן יאָר אַלט — האַלט ער שוין פלאַמיקע רעדעס אויף ציוניסטישע פאַרזאַמלונגען.

יוסף האָט זייער שנעל אַדורכגעמאַכט די סטאַדיע

פון עלעמענטאַרער בילדונג און געזעלשאַפטלעכער אָרי־יענטאַציע, און זײַן אַקטיווע נאַטור, זײַן הײסער טעמ־פעראַמענט – האָבן אים געיאָגט צו מעשים און גאָר אײַן גיכן איז ער שוין שטאַרק באַליבט בײַם גאַנצן שטעטל אַלס רעדנער.

## ערשטע טריט.

1901 און 1902 — דאָס זענען די ערשטע יאָרן פון באַוווסטזיניקער טעטיקייט פון יוספן, טאַקע אין זײַן געבורט-שטעטל האָראָדישטשע.

די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער-באַוועגונג וואַקסט אין לאַנד און לאָזט פון זיך אַלץ אָפּטער הערן. עס וואַקסט אַ ייִדישע אַרבעטער-באַוועגונג, און דער „בונד", וועלכער איז געגרינדעט געוואָרן אין 1897 — איז שוין אַ גרויסע אָרגאַניזאַציאָנעלע און פּאָליטישע קראַפט. אָבער די בירגערלעכע יוגנט איז אַלץ אונטערן אײַנפלוס פון ציוניזם און העברעיִזם, צוביסלעך נאָר וועקט זיך אין איר דער פּאָליטישער באַוווסטזײַן, די פאַראינטערעסירונג מיטן פּאָליטישן לעבן אין לאַנד, און זי זוכט אַ וועג צו אַ ס י נ ט ע ז צווישן נאַציאָנאַליזם און פּאָליטישן ראַדיקאַליזם. סוף־כּל־סוף זענען דאָ געבוירן געוואָרן אַנטשפּרעכנדע נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטישע און ציוניסטיש-סאָציאַליסטישע גרופּן און פּאַרטייען.

יעקב האָט געשאַפן אַן אָרגאַניזאַציע „חלוצים". עס האָט געדאַרפט זײַן אַ ייִדיש-רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע, אַ געמיש פון ציוניזם און פון דער אידעאָלאָגיע פון די רוסישע „סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן" (עס-ערן). יעקב האָט זיך נישט באַפרידיקט מיט געווינען אָנהענגער פאַר זײַנע „חלוצים" צווישן דער אָרטיקער יוגנט, ער האָט אויך געפרוווט שאַפן פאַרבינדעטע אין דער פרעמד, אין קיִעוו און אין ראָוונע. פאַרשטייט זיך, אַז

זיַין ערשטער און בעסטער תּלמיד — איז יוסף. ער באַטייליקט זיך אין דער רעדאַקציע פֿון די בריוו, וועל־כע מען שיקט פֿונאַנדער אין די פֿאַרשידענע שטעט, צו באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע. און שפּעטער שאַפֿט מען זיך שוין אַן אייגענעם העקטאָגראַף און מען דרוקט אויף אים אַן אומלעגאַל בלעטל. מען דרוקט אַפֿילו אַ בלעטל צו די צוקער־אַרבעטער. מען זוכט צו דערפֿילן דעם חוב לגבי דער רוסישער אַרבעטער־באַוועגונג... דאָס אַלץ ווערט געטון אין דער שטוב פֿון שוין דערמאָנטן בער סלוצקי. מען נעמט אַריַין אין דעם סוד — אויך בערס מאַמען, וועלכע שטויסט זיך אָן און טענהט כּסדר: „איך בעט אייַך, זאָגט מיר דעם אמת"... שפּעטער האָט די דאָזיקע מאַמע טאַקע גוט געדינט דער חברה: זי האָט אויסבאַהאַלטן דעם העקטאָגראַף, זי האָט פֿאַרשטעקט די אומלעגאַלע ליטעראַטור (מיט וועלכער רוסלאַנד איז שוין דאַן פֿול געווען, — יעדע אָרגאַניזאַציע האָט געהאַט איר לאַגער פֿון אומלעגאַלער ליטעראַטור — נישט נאָר פֿון אירע אייגענע אויסגאַבעס, נאָר אויך פֿון פֿרעמדע פֿאַר־טייען). דאָס באַליבטע אָרט פֿון בער סלוצקיס מאַמען איז געווען אויפֿן בוידעם... זי האָט דאָ געהאַט פֿיל זעק און זעקלעך מיט געטריקנטע עפּל, באַרן, — אָט אַהער פֿלעגט זי אַריַינפּאַקן די טריף־פּסולע סחורה, אויפֿן סאַמע דעק פֿון יעדן זעקל... חברה אַליין האָבן נישט געקאָנט דערגיין איר סוד, ערשט שפּעטער איז מען עס געוויר געוואָרן, און פֿאַר אײן וועגס, שוין אונטערן אויסרייד, אַז מען דאַרף אַרויסנעמען ליטעראַטור, דערוויַיל גע־נאַשט די עפּל און באַרן, אויף וואָס די וועלט שטייט...

די צוויי ברידער יעקב און יוסף האָבן אויך אַ לעגאַלע טעטיקייט געפֿירט אין שטעטל: זיי האָבן גע־שאַפֿן אַ העברעיִשע שול אין האָראָדישטשע. און יוסף איז טאַקע אין גיכן געוואָרן נישט נאָר אַ לערער אין שול, נאָר מ'קאָן זאָגן — דער צענטער פֿון דער שול. ביַי דער שול האָט זיך אויך געגרינדעט אַ ביבליאָטעק און אָוונטקורסן פֿאַר אַרבעטער. די שול איז געווען פֿאַר

מיידלעך — עס האָבן געלערנט אַ 200 תּלמידות, און יוסף איז געווען זייער ליבלינג. עס איז געווען מער ווי אַ שול. דאָס איז געווען אַ נעסט פון ראַדיקאַליזם, אַ לאַבאָראַטאָריע פון יוגנט-רעוואָלוציאָניזירונג. ס'איז נישט געווען קיין פעסטגעשטעלטע פּראָגראַם נישט פאַר דער מיידלשול, נישט פאַר דער אָוונטשול, מען האָט מער עקספּערימענטירט, אָבער אין אַלץ איז אַרײַנגעטראָגן געוואָרן רעוואָלוציאָנערער יוגנטברען. און דערפאַר האָט די שול אויפגערודערט דאָס גאַנצע שטעטל און אויפגעשטעלט קעגן זיך דעם רב און די אָרטיקע גבירים.

דערפאַר אָבער האָט די דאָזיקע שול אַרויסגעגעבן אַ 20–30 שפּעטערדיקע רעוואָלוציאָנערע טוערינס. איינע פון זיי, חנה, האָט שפּעטער געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון דער שטאָט יעקאַטערינאָסלאַוו; אַליין האָט זי געשטאַמט פון אַ פּראָסטער שטוב, איר פאָטער איז געווען אַ באַקאַנטער שיכּור, וועלכער פלעגט יעדן טאָג קומען צו לויפן צו זײַן ברודער אין גוראַלניע (ספּירט-ברויערײַ), זיך אַ וואָרף טון אויף דער ערד און בעטלען: גיב מיר אַ צעטעלע אויף 2 גלעזלעך בראָנפן, — אָט די חנה איז אין שול איבערגעאַנדערשט געוואָרן, ס'איז אין איר געוואַקסן אַ געוואַלדיקער דראַנג צו פּראָטעסט, און שפּעטער איז זי געוואָרן אַ באַוווסטזיניקע רעוואָלוציאָנערקע.

עס דאַרף דאָ אויך דערמאָנט ווערן נאָך איינער פון יוספס חברים: איינער, פלטיאל, געשטאַמט פון אַ פאַנאַטיש-פרומסטער שטוב, און זיך אין משך פון אַ האַלב יאָר אינגאַנצן „איבערגעדרייט”. ווען אין 1903 זענען אין יענער געגנט געווען גרויסע אַגראַר-אומרוען, וועלכע זענען אויף אַ שוידערלעכן אופן אונטערדריקט געוואָרן דורך די צאַרישע קאָזאַקן, — האָט פלטיאל זיך איבערגעטון פאַר אַ פויער, אַוועק אין דאָרף, אַגיטירט די פויערים, שפּעטער באַגלייט אין גרויסן צער און ווייטיק די געשמיסענע און געפּײַניקטע.

# אָנהייב פון פּאָליטישער טעטיקייט.

אין 1903 איז יעקב אַריבערגעפאָרן קיין וואַרשע. און באַלד נאָך אים — קומט אויך יוסף. דאָ ווערט געשאַפן די ערשטע אַרבעטער-ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע. דאָס איז געשען נאָך דעם קישעניעווער פּאָגראָם, וועלכער האָט מיט זיין אויסטערלישער פאָרם און פאַרנעם אָפּגעקלונגען איבער דער גאַנצער וועלט.

אין וואַרשע האָט זיך יוסף דערנענטערט צו די אַרבעטער-קרייזן, און פון היינט גייט שוין זיין זוכן אַ תשובה אויף אַלע אָנגעווייטיקטע יידישע פראַגן—אין דער ריכטונג פון פּראָלעטאַרישן ציוניזם.

אין וואַרשע זענען דאַן געווען טעטיק עטלעכע ציוניסטיש-דעמאָקראַטישע קרייזן. אויף נאָוואָליפּקי 24 פלעגן פאָרקומען פאַרביסענע דיסקוסיעס צווישן די אַלע ריכטונגען. יוסף האָט שטענדיק אָנטייל גענומען אין די דאָזיקע וויכּוחים און זיין וועג איז שוין געווען אַ קלאָרער — דאָס איז געווען דער וועג נישט פון אַלגעמיינעם ציוניזם, נאָר פון אַרבעטער-ציוניזם.

די ערשטע פּראָקלאַמאַציע פון דער נייער אַרבעטער-ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין וואַרשע האָט אָנגעשריבן יוסף. דריי גאַנצע זייטן העקטאָגראַפירטע האָט זי געהאַלטן. דאָס איז געווען דער מאַניפעסט פון דער אָרגאַניזאַציע, איר טעאָרעטישע באַגרינדונג. דאָ איז געקומען צום אויסדרוק די ווייטיקדיקע בלאָנדזשעניש פון אַ טייל יידישער יוגנט — צווישן נאַציאָנאַליזם און סאָציאַ-

ליזם, צווישן פּאַלעסטינע און רעוואָלוציאָנערן קאַמף אין גלות.

יוסף איז געווען יונג, אָבער זײַנע פעיִקייטן און טאַלענטן, זײַן אָנגעלייענטקייט און אַרבעטזאַמקייט זע־נען אים בײַגעשטאַנען. יוסף איז געווען שטאַנדהאַפטיק, זיכער אין זיך, פעסט אין זײַנע איבערצײַגונגען. ער איז געווען דערפאַר אין די ערשטע רייען פון זײַן סביבה. ער האָט בײַגעטראָגן אַלץ, וואָס ער האָט פאַר־מאָגט צום קאַמף מיט דער צאַרישער זעלבסטהערשאַפט.

1903 איז געווען אַ שווער יאָר אין פערזענלעכן לעבן פון ח' יוסף. עס האָט זיך איצט אויפגעוועקט זײַן אַלטע און אפשר פאַרלאָזטע קראַנקהייט – פון דער לינ־קער האַנט. יעדע וואָך איז ער געגאַנגען צום באַרימטן דאָקטאָר פלאַטאָ, און יענער האָט געפּאָרשט די דאָזיקע קראַנקהייט אין דער האַנט. ער האָט אים געשטאָכן מיט פאַרשידענע נאָדלען, געזוכט די פילבאַרקייט פון באַזונ־דערע ערטער, געפּרוּווט אים היילן מיט איקס־שטראַלן, און דער יונגער יוסף האָט איבערגעטראָגן ממש גיהנומ־דיקע יסורים... ער האָט נישט געקאָנט שלאָפן. דאָס דאָזיקע יאָר האָט אויף אים איבערגעלאָזן אַ געוואַלדיקן רושם אויפן גאַנצן לעבן. ער האָט נאָך דעם במשך פון 20 יאָר צײַט נישט געוואָלט מער היילן די האַנט... און אַזוי צוביסלעך האָט ער זיך צוגעוווינט צום צושטאַנד פון דער האַנט, האָט זי געהאַלטן נישט־נאָרמאַל, אַזוי ווי עטוואָס פּאַראַליזירט, געווען אים שווער אָנצוטון דעם אויבערמאַנטל...

די קראַנקהייט האָט אים פונדעסטוועגן נישט אָפּ־געריסן פון זײַן אַרבעט צווישן די וואַרשעווער אַרבע־טער, — און מ'קאָן זאָגן: דאָס יאָר 1903 איז געווען דאָס ערשטע יאָר, ווען ער איז געקומען אין באַרירונג מיט אַן אמת־פּראָלעטאַרישן עלעמענט, דערצו נאָך מיט גרויסשטאָטישע אַרבעטער, וועלכע האָבן געאָטעמט מיט דער אַטמאָספער פון גרויסע רעוואָלוציאָנערע באַוועג־ונגען פון יידישע אַרבעטער אין „בונד" פון איין זײַט,

און פון פפ״ס און פס״ד צווישן די פוילישע אַרבעטער פון דער צווייטער זײַט.

איינע פון די ערשטע אַקציעס יוספס אויפן געביט פון פּראָלעטאַרישן קאַמף איז געווען דער שטרײַק פון 90 יידישע מיידלעך בײַם פאַבריקאַנט פליישער. דאָס איז געווען אין 1903 אין וואַרשע. ס׳איז געווען אַ פאַבריק פון קינסטלעכע בלומען, וווּ די מיידלעך זענען עקספּלאָאַטירט געוואָרן אויף אַ שרעקלעכן אופן. די אַרבעטער-ציוניסטן האָבן באַקומען אַן אײַנפלוס אויף די דאָזיקע אַרבעטערינס און האָבן אָרגאַניזירט דעם שטרײַק. די פּראָקלאַמאַציע צום שטרײַק האָט אָנגעשריבן און אַליין אָפּגעדרוקט אויפן העקטאָגראַף — יוסף. עס איז געווען אַ וויכטיקע געשעעניש פאַרן יונגן קעמפער.

אין 1903 האָט יוסף אויך אָנגעשריבן אַן אומלעגאַל בלעטל וועגן זעלבסטשוץ, אין צוזאַמענהאַנג מיט די דעמאָלטיקע פּאָגראָם-קלאַנגען.

אַזוי קומען די יאָרן 1904 און 1905, דאָס יאָר פון דער ערשטער רעוואָלוציע אין אַמאָליקן גרויסן רוסלאַנד. צו דער צײַט האָט זיך ענדגילטיק אויסגעקריסטאַליזירט די ציוניסטיש-סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, וועלכע איז געווען שפּעטער באַקאַנט אונטערן נאָמען „עס־עס״.

דאָס איז נישט געשען מיט אַמאָל. אין ווילנע, וואַרשע, קיִעוו און מינסק זענען געווען טעטיק באַזונדערע אַרבעטער-ציוניסטישע גרופּעס, און זיי האָבן במשך פון 1904 געזוכט אַ וועג, ווי אַזוי צו קומען צווישן זיך צו אַ פאַרשטענדיקונג, ווי אַזוי אויסצובילדן אַ צײַטווײַליקן צענטער. אין דעם זעלבן יאָר איז טאַקע יוסף דעלעגירט געוואָרן קיין קיִעוו, וווּ ער האָט געהאַט אַ גאַנצע ריי באַראַטונגען מיט די דאָרטיקע גרופּעס.

סוף יולי 1904 איז זיך ענדלעך צונויפגעקומען אין וואַרשע אַ פּאַר-קאָנפערענץ פון אַלע רעוואָלוציאָנערע פּראָלעטאַריש-ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, און ווידער אַמאָל זעען מיר צווישן אירע באַטייליקטע אונזער ח׳ יוסף.

די פּאַר־קאָנפערענץ האָט אויסגעווײלט אַן אָרגאַניזיר־ביוראָ, און אין זײַן באַשטאַנד גייט אַרײַן אויך יוסף.

אַט אַזוי זעען מיר יוספן אין צענטער פון אַלע וויכטיקסטע אונטערנעמונגען פון יענער צײַט אין פּראָלעט׳־ציוניסטישן לאַגער.

ערשט סוף דעצעמבער 1904 קומט פאָר אין אָדעס די ערשטע קאָנפערענץ פון די אָנגעזעענערע אָרגאַניזאַציעס פון די ציוניסטן־סאָציאַליסטן. יוסף צוזאַמען מיט מ. זוס־מאַן זענען דאָ געווען די פּאָרשטייער פון וואַרשע. די דאָזיקע קאָנפערענץ פּאַלט אָבער אַדורך, און אירע אָנ־טיילנעמער (24 מאַן) ווערן אַרעסטירט — צווישן זיי אויך יוסף.

אָבער פּאָליציי האָט נישט געקאָנט דערגיין, ווער זענען געווען די אַרעסטירטע, און מען האָט זיי אָנהייב פעברואַר 1905 אַרויסגעלאָזן.

דאָס האָבן זיי געהאַט צו פאַרדאַנקען די נײַע שטימונ־גען, וועלכע ס׳האָט מיט זיך געבראַכט דער באַרימטער שטרייק פון 9 יאַנואַר. די אָנטיילנעמער פון דער קאָנ־פערענץ האָבן באַשלאָסן ווײַטער פאָרצוזעצן זײַער אַר־בעט. און זיי האָבן פּראָקלאַמירט די גרינדונג פון דער ציוניסטיש־סאָצ׳ אַרב׳ פּאַרטיי. עס איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי, און יוסף איז אין אים קאָאָפּטירט געוואָרן. ער איז באַלד געוואָרן זיינער אַ טיכטיקער מיטגליד. די פּרינציפּן־דעקלאַראַציע נאָכן צוזאַמענפאָר, דאָס באַרימטע אין דער פּאַרטיי „רויטע ביכעלע" האָט אָנגעשריבן יוסף צוזאַמען מיט שמעון דאָבינען.

דאָ אין וואַרשע איז געווען נאָך איין האָראָדישטשער לאַנדסמאַן זײַערער, אויך טעטיק אין דער זעלבער באַ־וועגונג, — דאָס איז געווען אהרן סאָקאָלאָווסקי, וועלכער איז שפּעטער געווען באַקאַנט אונטערן נאָמען „מאַקעדאָ־ניעץ". יעקב, יוסף און סאָקאָלאָווסקי האָבן אַלע צוזאַמען געלעבט, געוווינט אין אַ האָטעל. צוזאַמען האָט מען גע־הונגערט. צוזאַמען געגעסן דאָס אָרימע שטיקל הערינג —



יוסף בעתן לייפציגער צוזאַמענפאָר פון ס״ס, 1908.

די איינציקע שפּײַז במשך פון טאָג. געשען אַמאָל, אַז מ'האָט נישט געהאַט צו באַצאָלן פאַרן האָטעל, האָט מען צוביטלען אַרויסגעטראָגן אַלע זאַכן, פאַרשטעקט אַלע רעשטלען הינטערן אויוון, — און איינציקווײַז זיך אַרויסגעגנבעט פון האָטעל... אָט אַזוי האָט דאָ געלעבט די גאַנצע גרופּע חברים. איינער געזאָרגט פאַרן צווייטן, צוזאַמען געטיילט פרייד און ליידן.

יוסף האָט געאַרבעט זייער פיל. געהאַט 7—8 קרייזלען יעדן שבת, געלערנט אויף די קרייזלען מיט ייִדישע אַרבעטער געשיכטע פון סאָציאַליסטישער באַוועגונג, געשיכטע פון ייִדן, פּאָליטישע עקאָנאָמיע. אַ האַלב יאָר נאָך דער אָדעסער קאָנפערענץ האָט זיך די אָרגאַניזאַציע געשפּאָלטן, אַ טייל איז אַוועק צו די סיימאָווצעס, (זיי זענען געווען סאָציאַליסטן און סתם-טעריטאָריאַליסטן, אָנהענגער פון אויטאָנאָמיע און פון אַ ייִדישן סיים), אָבער יוסף איז געבליבן ביי ס"ס.

צום 1905 יאָר איז זיך די פּאַרטיי צעוואַקסן, זי האָט געהאַט אין וואַרשע עטלעכע הונדערט אָרגאַניזירטע מיטגלידער. אויף דזשיקע גאַס האָט זי געהאַט איר „בירזשע", און דאָ איז געטון געוואָרן די גאַנצע אומלעגאַלע אַרבעט.

אַ גרויסע צערודערונג האָט אַרויסגערופן אין די רייען פון די פּראָלעטאַרישע ציוניסטן די פראַגע וועגן אוגאַנדע, וועלכע איז אַרויסגעשוואומען אויפן 6טן ציוניסטישן קאָנגרעס אין אויגוסט 1903. ד"ר הערצל איז געקומען מיטן פאָרשלאָג פון דער ענגלישער רעגירונג, ייִדן זאָלן זיך נעמען קאָלאָניזירן איינע פון אירע קאָלאָניעס אין מזרח-אַפריקע — אוגאַנדע. די ציוניסטן האָבן זיך געשפּאָלטן אויף אָנהענגער און קעגנער פונם אוגאַנדע-פּראָיעקט, און נאַטירלעך, אַז אויך אין די רייען פון די אַרבעטער-ציוניסטן זענען געווען ביידע מינים. איינער פון די ערשטע אין וואַרשע, וואָס האָט זיך געשטעלט אַנטשיידן קעגן פּאַלעסטיניזם און פאַר אַלגעמיינעם טעריטאָריאַליזם — איז געווען יוסף. ער האָט

זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער גרויסער אוגאַנדע־דע־באַטע און געבליבן פעסט אויפן עקסטרעם־טעריטאָריאַ־ליסטישן שטאַנדפּונקט. פּונקט ווי ער האָט פריִער אַרויסגעוויזן פעסטקייט און שטאַנדהאַפטיקייט בנוגע דער פראַגע, צי דאַרף מען זיך פאַרנעמען מיט אַלגעמיינע רעוואָלוציאָנער־פּאָליטישע פראַגן פון לאַנד און צי עס לאָזט זיך פאַראייניקן סאָציאַליזם מיט ציוניזם, — אַזוי איז ער איצט געווען פעסט און אויסגעהאַלטן אין דער פראַגע: דווקא פּאַלעסטינע אָדער טעריטאָריאַליזם בכלל. יוסף האָט טאַקע פאַרפאַסט אין אָדעס דאָס ערשטע פלוג־בלאַט פון די טעריטאָריאַליסטן צום 7טן ציוניסטישן קאָנגרעס, און שפּעטער אויך אַרויסגעגעבן די באַריכט־בראָשור פון דעם קאָנגרעס.

ס׳זענען אָנגעקומען די אָקטאָבער־טעג פון 1905. דער רעוואָלוציאָנערער טעמפּעראַמענט פון יוספן האָט געפונען אַ גרויס פעלד אין אָט די טעג פון דער רע־וואָלוציע אין צאַרישן רוסלאַנד, אין די טעג פון דעם צאַריזמס מפּלה, ווען עס איז אַרויסגעריסן געוואָרן פון אים דער באַקאַנטער מאַניפעסט, און ווען די אַרבעטער־באַוועגונג איז מיט אַמאָל אַרויס פון אונטער דער ערד אין געהיימקייט — אויף דער עפנטלעכקייט און לעגאַ־ליטעט. אין וואַרשע — אין דער געביידע פון דער גמינע, אין לאָקאַל פון האַנדלס־אַנגעשטעלטע זענען געגאַנגען כסדרדיקע גרויסע פאָלקס־פאַרזאַמלונגען, און יוסף איז דאָ צענדליקער מאָל אַרויסגעטראָטן מיט דער־פאָלג. עס איז געווען די ערשטע פייער־פּראָבע פונעם יונגן פּאָליטיקער — אַלס פאָלקסטריבון, אַלס רעוואָלוציע־זעלנער, אַלס רעפּרעזענטאַנט פון אַ פּאַרטיי.

אינטערעסאַנט איז, אַז צו יענער צייט איז דאָ אין וואַרשע געווען טעטיק אַ צווייטער יוסף לעשטשינסקי, אַ ברודער פון ח׳ יוספס פרוי פּאַליע לעשטשינסקאַ. צום אונטערשיד פון אונזער ח׳ יוסף, וועלכער האָט שוין דאַן געטראָגן דעם פּסעוודאָנים „שוואַרצער“, האָט



יוסף און זיין חבר „יוסף דער ווייסער", בראַונשווייג, 1909.

דער צווייטער יוסף געהייסן „דער ווײַסער". דער דאָזי·
קער יוסף האָט, אָבער, געהאַט אַ גרויסן אײַנפֿלוס אויף
אונזער ח׳ יוסף — ער איז געווען זייער אַן אינטעליִ·
גענטער מאַן, און ער איז טאַקע געווען אין דער גרופּע
דער ערשטער אויסגעהאַלטענער טעריטאָריאַליסט.

# פון דער ערשטער ביז דער צווייטער רעוואָלוציע.

די רעוואָלוציע פון 1905 איז אונטערדריקט געוואָרן. דער צאַר האָט אָפּגענאַרט דאָס פאָלק, און צוביסלעך אָפּגענומען אַלע פרייהייטן, וועלכע ער האָט אַזוי פייערלעך פאַרשפראָכן. שטראָף-עקספּעדיציעס האָבן געמאַכט „אָרדענונג" אין לאַנד. די תּפיסות זענען ווידער געווען איבערגעפולט מיט סאָציאַליסטן און רעוואָלוציאָנערן. די יידישע באַפעלקערונג איז אָפּגעגאַנגען אין בלוט פון שווערלעכע פּאָגראָמען. ווידער האָט געהערשט די שוואַרצע רעאַקציע און זעלבסטהערשאַפט אין לאַנד.

דער צענטער פון דער פּאַרטיי ס"ס ווערט באַלד נאָך דער רעוואָלוציע איבערגעטראָגן קיין ווילנע, און אויך יוסף פאָרט אַריבער אַהין. דאָרט גיט די פּאַרטיי אַרויס איר לעגאַלן אָרגאַן „דער נייער וועג", און יוסף איז באַטייליקט אין דער רעדאַקציע פון דער אויסגאַבע. ער אַרבעט דאָ זייער פיל. ער איז אויך טעטיק אין צענטראַל-קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי.

1906. עס וואַקסט אָן אַלץ שטאַרקער די רעאַקציע אין לאַנד. אין מאַי חודש ריכט מען זיך אין ווילנע אויף אַ פּאָגראָם, מען גרייט די זעלבסטשוץ. יוסף איז אין אַלעם באַטייליקט. וואָס ווייטער ווערט אַלץ שווערער צו פירן די פּאַרטיי-אַרבעט. די אינטעליגענץ, וועלכע איז

פריערדיקע יאָרן געווען אַרייַנגעצויגן אין לעבן פון דער פּאַרטיי, פאַלט איצט צו ביסלעך אָפּ. די צענזור ווערט אַלץ אומדערטרעגלעכער. די געלט-מיטלען פון דער פּאַרטיי ווערן אַלץ קלענער. עס הונגערן אַפילו די פירער פון דער אָרגאַניזאַציע. צום 1907 איז שוין די פּאַרטיי ס״ס אינגאַנצן צעפאַלן, עס זענען טעטיק בלויז באַזונדערע גרופּקעלעך. דער עולם הייבט זיך אָן צעקריכן, מען צעפאָרט זיך צוריק אין די היים-שטעטלעך. אויך יוסף קומט אויף אַ געוויסער צייַט צוריק אין האָראָדישטשע.

דער ווילנער פּעריאָד איז געווען אַ לעבעדיקער, הגם אַ שווערער, און צולעצט גאָר טראַגישער. אין זכרון זענען געבליבן אויך אַ פּאָר קאָמישע אינצידענטן פון יענער צייַט... אַ געוויסן פּעריאָד האָבן אַלע געלעבט צוזאַמען אויף אַ זומער-וווינונג. צוזאַמען פאַר אַלעמען געקאָכט, ווען ס׳איז נאָר געווען וואָס. אין אַלגעמיין האָבן אַלע געהונגערט. איין מאָל איז מען אויפגעריכט געוואָרן. מ׳האָט ערגעץ געקראָגן אַביסל געלט, און אָט האָט מען געקויפט פלייש, און שוין מאַכט מען פאַר דער גאַנצער חברה קאָטלעטן! 20 קאָטלעטן... אַ קלייניקייט! מ׳האָט זיך אָבער דערווייַל פאַרטיפט אין אַ דיסקוסיע, צו וועלכער ס׳איז אויך צוגעשטאַנען די „באַלעבאָסטע״ אַליין. און — אוי-ווי, דער הונט האָט זיך צוגעכאַפּט און אויפגעפרעסן אַלע קאָטלעטן ביז איינעם!... געווען אַן אמתער יום-כּיפּור.

געווען נאָך אַזאַ אינצידענט: חברה איז געווען הונגעריק, האָט מען געהאַלטן אין איין באָרגן אין געוועלב. מ׳איז שוין געווען שולדיק אַ גאַנץ היפּשע סומע. בייַ וועמען פון דער חברה זאָל מען מאָנען? ביי דעם, וואָס טראָגט אַ באָרד... דער זעט אויס צו זייַן דער עלטסטער, דער באַלעבאָס...

דאָס איז געווען דער באַקאַנטער טוער ס. יענער איז אָבער געווען אַ היציקער, טעמפּעראַמענטפולער מענטש, דערצו נאָך נישט קיין פּראַקטישער. די יידענע פון געוועלב האָט אים שטאַרק „דערקוטשעט״. אַ וואָרט פאַר

אַ וואָרט און ס. האָט איר דערלאַנגט אַ קלאַפּ... קאָן מען זיך פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַ סקאַנדאַל ס׳איז פון דעם אַרויסגעקומען! גערעטעוועט די ביטערע סיטואַציע האָט יוסף. ער איז אַוועק צו דער יידענע, האָט זי איבער־געבעטן, האָט פאַרגלעט די גאַנצע געשיכטע און ס׳איז געוואָרן שלום.

געקומען אין 1907 אַהיים, האָט זיך יוסף גענומען אַרבעטן איבער זיך. ער האָט זייער פיל געלייענט. ער האָט זיך באַזונדערס אַנטציקט מיט גאָרקיס ווערק. אין זיינע אויגן איז אָבער שטענדיק געווען טיפער טרויער. ער איז געווען אונטערן איינדרוק פון דער דורכגעלעב־טער מפלה פון דער רעוואָלוציע.

איצט זענען די באַציונגען אין שטוב שוין געווען אַנדערש. ווען יוסף האָט געבראַכט יעקבס ערשטן אָפּגע־דרוקטן ביכל וועגן דער יידנפראַגע, האָט די מוטער אָנגעהויבן בעטן, ער זאָל איר פאָרלייענען דאָס ביכל. יוסף האָט געטענהט: דו וועסט דאָך גאָרנישט פאַרשטיין. זי אָבער האָט געענטפערט: „אַ מאַמע פאַרשטייט, נאַריש קינד". און יוסף האָט איר פאָרגעלייענט. ער פלעגט בכלל אַ סך פאָרלייענען פאַר דער אַלטער. צייטן האָבן זיך געענדערט! עס איז שוין נישט געווען די אַמאָליקע פאַ־נאַטישע שטוב... די מוטער האָט געהערט לייענען יעקבס ווערק און כסדר געהאַט טרערן אין די אויגן. — וואָס וויינסטו, מאַמע? — ביסט אַ נאַריש קינד... אַ מאַמע...

אין 1908 קומט יוסף קיין קיעוו. ער הייבט אָן, צוזאַמען מיט „ר׳ מרדכילע" (טשעמערינסקי), אַרויסגעבן אַ טעגלעכע יידישע צייטונג „דאָס פאָלק". עס איז די ער־שטע יידישע צייטונג אין קיעוו. אָבער די צייטונג האָט נישט קיין אריכת ימים, זי עקזיסטירט בלויז אַ חודש צייט.

אין 1910 פאָרט יוסף קיין פאַריז, קומט אָן אין סאָרבאָנער אוניווערזיטעט, ווו ער שטודירט ליטעראַטור און געזעלש׳ וויסנשאַפטן. אין פאַריז האָט יוסף געלעבט גאַנצע 2 יאָר. יוסף האָט דערווייל חתונה געהאַט מיט

דער ח׳טע פּאַליע, מיט וועלכער ער האָט אָפּגעלעבט אַלע זײַנע יאָרן. דאָ אין פּאַריז האָבן זיי געוווינט אין אַ קליין צימערל. יוסף האָט צוביסלעך פֿאַרדינט פֿון פּריוואַטע לעקציעס, פֿון ליטעראַרישער אַרבעט. אַביסל האָט געהאָלפֿן דער רײַכער שווער. אין אַלגעמיין אָבער האָט מען זיך געמאַטערט, יוסף האָט אַליין געקאָכט, געוואַשן, געראַמט. אַזוי געדויערט עס ביז 1912.

פּאַריז איז דעמאָלסט געווען פֿול מיט פּאָליטישע עמיגראַנטן פֿון רוסלאַנד, פֿירער און טוער פֿון די פֿאַרשידענע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. דאָס פֿאַרברענגען די פּאָר יאָר אין פּאַריז — איז געווען פֿאַר יוספֿן אַ גוטע שול. ער האָט געאַרבעט איבער זיך, פֿאַרפֿולקומט זיך. ער האָט, אגב, אויסגעפֿירט אַ וויכטיקע ליטעראַרישע אַרבעט אין יענער צײַט. דער באַרימטער רוסישער געזעלשאַפֿטלעכער און פּאָליטישער טוער נ. א. רובאַקין האָט דעמאָלסט צונויפֿגעשטעלט זיין ווערק, „דאָס בוך פֿאַר אַלעמען“. דאָס איז געווען אַ ביבליאָגראַפֿישע ענציקלאָפּעדיע, וועלכע האָט אַרומגענומען אַלע געביטן פֿון מענטשלעכן שאַפֿן — אַלע אָריגינעלע און איבערגעזעצטע ווערק אויף רוסיש. עס זענען מיט דער צײַט דערשינען עטלעכע בענד פֿון דעם ווערק. דאָס בוך האָט געהאַט קאָלאָסאַלן דערפֿאָלג. די אָפּטיילונג פֿון פּובליציסטיק איז געווען אומגעהויער רײַך, יעדעס געביט האָט געהאַט אַן איינלייטונגס־אָפּהאַנדלונג פֿון דער געגעבענער פֿראַגע און תּקופֿה. אַזוי איז אויך געווען מיט דער אָפּטיילונג „די נאַציאָנאַלע פֿראַגע“ אין III. באַנד; די דאָזיקע אָפּטיילונג פֿאַרנעמט 100 זײַטן פּעטיט, און נעמט אַרום די פּראָבלעמען פֿון אַלע פֿעלקער אין אַמאָליקן רוסלאַנד. דער ייִדנפֿראַגע איז אָפּגעגעבן אַ גרויס פּלאַץ, און פֿאַרשטייט זיך אויך די פּראָגראַמען און דעם קאַמף פֿון די ייִדישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען — בראש מיטן „בונד“. ח׳ יוסף האָט אָנגעשריבן דאָס קאַפּיטל וועגן נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע. מיר האָבן דאָ אַן אָביעקטיוון און גענויען איבערזיכט איבער אַלע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס, איבער דער גאַנצער

ליטעראַטור אויף יידיש און רוסיש, מיט נעמען און דאַ־
טעס פון צוזאַמענפאָרן אאַז״וו.

* *

*

יוספס פערזענלעכקייט איז שוין פולשטענדיק אויס־
געקריסטאַליזירט. ער איז רייף — סיי אין אידעיִשן לעבן, סיי אין געזעלשאַפטלעכן. מאָמענטנווייַז איז אויף זיין פנים אויסגעגאָסן אַן אומעט. ערגעץ טיף אין דער נשמה בויערן ספקות, אָבער דאָס איז פאַרבאָרגן. אויסערלעך — באַהערשט ער זיך, איז אינגאַנצן רויק. אין פאַמיליע־לעבן פילט ער זיך גליקלעך.

1912—13. אַ שווערע רעאַקציע האָט אַרומגענומען דאָס גאַנצע לאַנד. שווערע שטימונגען באַהערשן יוספן. מען דאַרף טראַכטן וועגן זיך פערזענלעך, אָבער וואָס פאַר אַן אויסזיכטן — פאַר אַזאַ אינטעליגענט, וואָס איז געקניפּט און געבונדן מיט דער יידישער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג, — אינעם פאַרקנעכטעטן, מיט אַנטי־סעמיטיזם דורכגעפּרעסענעם צאַרישן רוסלאַנד? פאַריז האָט אויסגעמאַטערט יוספן ביז גאָר. און ער לאָזט זיך ווייטער קיין רוסלאַנד — און פריער פאַר אַלץ קיין האָראָדישטשע, אַביסל איבערכאַפּן דעם אָטעם אין דער סביבה פון דער אייגענער און פון דער פרויס פאַמיליע, אַביסל קומען צו זיך פשוט מאַטעריעל. און באַלד נאָכדעם — פּרוּווט יוסף ווייטער גליק מיט זשורנאַליסטישער צייטונגס־אַרבעט. צו־זאַמען מיט בן־אַדיר, ליטוואַקאָוו, ד. זאַסלאַווסקי שאַפט ער און אַרבעט אין „קיִעווער וואָרט" — אַ טאָג־צייטונג, וועלכע האָט נישט קיין אריכת ימים; אין דעם זעלבן יאָר 1913 — אַרבעט ער אין דער „פאָלקס־שטימע", וועלכע דערשיינט אַ קורצע צייט אין בערדיטשעוו, און ענדלעך, שפּעטער אַרבעט ער אַ געוויסע צייט אין וואַרשעווער „פריינד".

פון אָט דער באַרימטער צייטונג „פריינד" איז יוסף געפאָרן אַלס קאָרעספּאָנדענט אויפן שווידערלעכן בייליס־פּראָצעס, וועלכן די רוסישע רעאַקציע האָט פאַרקאָכט אין

יענער צײַט, כדי נאָך מער צו פאַרפינצטערן די מוחות פון די אונטערדריקטע מאַסן אין רוסלאַנד, כדי נאָך מער צו זיכערן דעם טרויעריקן נצחון פון דער צאַרישער זעלבסטהערשאַפט איבער דער אָקאָרשט פאַרלאָפענער פרעכטיקער רעוואָלוציע.

דאָס גאַנצע לאַנד איז געווען טיף דערשיטערט פונעם שוידערלעכן מיטלאַלטערלעכן אײַנפאַל צו באַשולדיקן דאָס ייִדישע פאָלק אין נוצן קריסטלעך בלוט צו רעליגיעזע צוועקן. די אויפרעגונג פון די ייִדישע מאַסן, פון דער גאַנצער באַוווסטזיניקער אַרבעטערשאַפט, פון דער בעסערער רוסישער אינטעליגענץ איז געווען אומגעהייער גרויס. די גלענצענדסטע אַדוואָקאַטן פון דעמאָלטיקן רוסלאַנד האָבן זיך אָרגאַניזירט, כדי געמיינזאַם ווי געהעריק צו פאַרטיידיקן דעם אָרימען מענדל ביילים, וועלכער איז אָן אַ פאַרוואָס באַשולדיקט געוואָרן אין שרעקלעכן פאַרברעכן. אומגעלומפערט איז געווען די באַשולדיקונג, אָבער די רוסישע „שוואַרצע מאה" האָט געהאַלטן אין איין העצן, צענדליקער גיפט-אַרטיקלען האָבן זיך גע־געדרוקט טאָגטעגלעך, און מען האָט זיי פאַרשפרייט אין די הונדערטער טויזנטער עקזעמפּלאַרן. די ייִדישע באַפעלקערונג איז, פאַרשטענדלעך, געווען שטאַרק טעראָריזירט און דערשלאָגן. אין דער לופטן האָט זיך ווײַטער געטראָגן דאָס וואָרט פאָגראָם...

יוסף איז געזעסן אויפן פראָצעס, זיין איידעלער גײַסט האָט שאַרף און ווייטיקלעך רעאַגירט אויף אַלץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין זאַל פונעם געריכט און אויף די גאַסן פון קיִעוו, און לויט די מעגלעכקייטן פון דער דעמאָלטיקער צאַרישער צענזור, וועלכע האָט באַזונדערס קרום געקוקט אויף דער ייִדישער פּרעסע, האָט יוסף געשריבן זײַנע קאָרעספּאָנדענצן און אַרטיקלען פון פראָצעס און וועגן אים. יוסף איז מיט זײַן קלוגן בליק טיף אַרײַנגעדרונגען אין אַלע אינעווייניקסטע באַהעלטעניש און ספּרענזשינעס פונעם פראָצעס. „איינע פון די וויכטיקסטע פראַגן אינעם פראָצעס, — שרײַבט ער אין איין

אַרטיקל, — איז אָן אַ ספק אָט וואָס: צי האָבן די מער-דער פון אָנהייב אָן געהאַט אין זינען צו סימולירן אַ ריטועלן מאָרד, אָדער דאָס איז ערשט אַ שפּעטערדיקער אויפטו פון זייטיקע שוואַרצע הענט, און די מערדער האָבן דאָס בלויז אונטערגעכאַפּט? אַ סך אָרטיקע אַדוואָ-קאַטן, קאָמפּעטענטע אין דעם פּראָצעס, זענען איבער-צייגט, אַז ריכטיק איז נאָר די צווייטע השערה. ווי די פּאַרטייאיקער וועלן אויפטרעטן אין דעם פּונקט — איז דערוויַיל אומבאַוווּסט.״

צענדליקער בילדער האָט יוסף געשילדערט פון פּראָצעס. געשילדערט און באַשריבן זיי באַשולדיקער, די אַדוואָקאַטן, דאָס אַרומיקע פּובליקום. ער האָט דערציילט וועגן פאַרשידענע באַגעגענישן און טרעפעגישן, וועגן פאַרשידענע מיינונגען און איינדרוקן. יוספס גייסט האָט געצאַפּלט, ער האָט אַלץ טיף איבערגעלעבט — אַלס ייִד, אַלס רעוואָלוציאָנער. מיט אַ טיף מענטשלעכן געפיל האָט ער באַטראַכט סיי ביילִיסן, סיי די באַשולדיקער און עדות, און אַוודאי די אַדוואָקאַטן — פּאַרטייִדיקער, וועלכע האָבן אַזוי מוטיק און אידעאַליסטיש געקעמפט פאַרן נצחון פון דער גערעכטיקייט.

אָט זענען אַ פּאָר ציטאַטעס פון יוספס בריוו, וועלכע זענען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר אים. נישט נאָך סתם סענסאַציעס האָט ער זיך דאָ אויפן פּראָצעס גע-יאָגט, נאָר — מיט אַ שאַרף אויג האָט ער דאָס געזעל-שאַפטלעכע לעבן געפּאָרשט, געהאַלטן זיין האַנט אויפן פּולס פון פאָלקס-רוסלאַנד, פונעם פאָלקס שטימונגען און געפילן...

„פאַרנאַכט האָט זיך מיט אַמאָל באַוויזן דאָס פּאָ-גראָם-בלעטל „דוווגלאַווי אָריאָל״. אַ גאַנצן זומער איז דאָס נישט דערשינען — דערפאַר זאָגט דאָס בלעטל צו דערשייַנען טעגלעך די גאַנצע צייט פונעם משפט איבערן „זשיד״ ביילִיס.

געווען בין איך גראָד אויף פּאָסט. איך הער, ווי צוויי קליינע קינדער שרייַען אויס: „פינף קאָפּיקעס!

דיעלאָ ביילִיסאַ! דוווגלאַווי אָריאָל!״ איך קום צו געג־טער און איך ווער דערשטוינט: צוויי יִידישע ברעקלעך קינדער, פון 5 און פון 6 יאָר, האַנדלען דאָס מיט דעם פּאָגראָם־בלעטל. אָפּגעריסענע און אָפּגעשליסענע, מיט אויסגעלאָשענע אויגן און איינגעפאַלענע בעקלעך. דער־ציילן זיי מיט פרייד, אַז ביי זיי נעמט מען נאָר צו דריי קאָפּיקעס, און זיי פאַרקויפן צו פינף, און זיי האָבן שוין פאַרדינט בשותּפות אפשר אַ רובל אַ גאַנצן. ס׳קומט אונטער נאָך אַ ייִד, דערזעט דאָס שמוצבלעטל אין די הענט פון ייִדישע קינדער, און הייבט זיי אָן צו מוסרן, זיי קוקן אויף אים מיט שטאַרע אויגן, און פאַרשטייען נישט: פאַרוואָס? פאַר וועז? איך באַטראַכט נאָך אַ פּאָר סעקונדן די אומשולדיקע פאַרשפּרייטער פון פּאָגראָם־לי־טעראַטור, וועלכע זענען נאָך נישט מבחין בין טוב לרע, און אַנטלויף גיכער, איך זאָל נישט דאַרפן ענטפערן אויף די תּמימותדיקע שאלות פון די קינדער, וועלכע האָבן זיך דערשראָקן פאַר זייער פּרנסה.״

אַ צווייט מאָל שילדערט יוסף די עדות:

„דאָרט, אין געריכטזאַל, זענען זיי אַלע, די ייִדי־שע עדות אויך, אין כּלל, שרעקלעך אומבאַהאָלפן אין זייער בלינדן אַרומדרייען זיך צווישן די „צדיקים״, „חסי־דים״, „שניאורסאָנס״ אדג״ל. די באַשולדיקער דאַרפן מער נישט: זאָל זשומען אין אויער אָן אַן אויפהער מיט די דאָזיקע פרעמדע אומפאַרשטענדלעכע ווערטער, וועלכע קיינער קאָן נישט ריכטיק פאַרטייַטשן און מסביר זייַן. זאָל בלייַבן הענגען אין דער לופטן עפּעס אַ מין סוד, אַ געהיימעס, נישט דערקלערבאַרעס, און זאָל דאָס וועקן ביי וועמען נישט איז ספקות, אומקלאָרע האַלב־מיסטישע געדאַנקען וועגן מצות מיט אַ רב דערבייַ. וועגן גאַליציאַ־נער צדיקים, וואָס ייִדן אַליין ווייסן נישט גוט, וואָס זיי זענען און ווער זיי זענען, וועגן אַ בית־מדרש, וואָס זיי־צעוו האָט געוואָלט „בסוד״ אויפבויען אַאַז״ו אַאַז״וו.״

דער ביילִיס־פּראָצעס איז געווען אַ נייַע פייַער־פּראָבע פאַר יוספס גייַסט. ער האָט אויסגעהאַלטן. ער

איז נישט אײַנגעבראָכן געוואָרן. ער איז נישט אַריינגע־פאַלן אין היסטעריע און שאָוויניזם, ווי פיל אַנדערע. די ייִדן־פראַגע איז פאַר אים געבליבן אַ טייל פון דער גרויסער פראַגע וועגן באַפרייַען רוסלאַנד פון שווידער־לעכן רעזשים. די בײליס־טראַגעדיע איז פאַר יוספן גע־בליבן אַן עפּיזאָד אין דער געשיכטע פון דער פּאָליטישער רעאַקציע אין לאַנד.

און עס איז געשען: די פּשוטע פאָלקסמענטשן, וועלכע זענען געזעסן אין געשוווירענעם געריכט, האָבן זיך אַרויסגעפּלאָנטערט פונעם טייוולאָנישן קנויל, וועלכן די רוסישע רעאַקציאָנערן פון דער רעגירונג און פון דער אַ״ג איידעלער געזעלשאַפט האָבן אויסגעשפּינט אַרום זיי: די פּשוטע רוסישע פאָלקסמענטשן האָבן בײליסן אין גאַנצן באַפרייַט. די גערעכטיקייט האָט געזיגט!

דאָס איז געווען אַ פריידיקער אָנזאָג, אַז די הער־שאַפט פון רעאַקציע איז נישט אייביק, אַז עס וועלן קו־מען בעסערע צייַטן, ווען אין גאַנצן לאַנד וועט זיגן די גערעכטיקייט, און דאָס גרויסע רוסלאַנד וועט ווערן פרייַ.

# וועלט־מלחמה און רעוואָלוציע.

דעם 1טן אויגוסט 1914 האָט זיך אָנגעהויבן דער וועלט-קריג. ס'איז געווען אַ מלחמה, וואָס די וועלט האָט נאָך אַזאַ ביישפּיל נישט געהאַט. אַ מלחמה, וועלכע האָט אַרומגעכאַפּט עטלעכע און דרייסיק מלוכות פון דער וועלט. אַ מלחמה, וועלכע האָט געדויערט העכער 4 יאָר און אָפּערירט מיט 60 מיליאָן זעלנער.

די מלחמה האָט געבראַכט גרויסע אומגליקן פאַר דער גאַנצער וועלט. זי האָט אויך געבראַכט אומגעהייערע ליידן פאַר דער יידישער באַפעלקערונג פון דעמאָלטיקן רוסלאַנד. פון צענדליקער שטעט און שטעטלעך פון ליטע און פוילן זענען געלאָפן גרויסע מאַסן פון דער יידישער באַפעלקערונג — די מיליטער-מאַכט האָט זיי אין איין פינצטערער נאַכט אַרויסגעטריבן פון דאַנען, באַשולדיקנדיק זיי אין שפּיאָנאַזש לטובת דייטשלאַנד. די יידישע מאַסן זענען אויך אַליין געלאָפן, ראַטעווענדיק זיך פון פייער פון קאַנאָנען און פון באָמבעס פון אַעראָפּלאַנען. צענדליקער טויזנטער אָרימע יידישע מענטשן האָבן געלאָזן אויף הפקר זייער האָב-און-גוטס און געלאָפן, ווו די אויגן האָבן געטראָגן. קינדער האָבן עלטערן פאַרלוירן, הונדערטער זענען אין וועג אומגעקומען. אין פאַרשידענע שטעט פון צענטראַל- און דרום-רוסלאַנד האָבן זיך באַוויזן צענדליקער טויזנטער יידישע „פּליטים", „ביעזשענצעס" — ווי מ'האָט זיי גערופן.

אָט די דאָזיקע אומגליקלעכע יידישע פּליטים, קרבנות

פון מלחמה און פון רוסישן מיליטערישן אַנטיסעמיטיזם, האָבן זיך געניייטיקט אין הילף. מ׳האָט זיי געדאַרפט צו־טראָגן אַ שטיקל ברויט צו שטילן זייער הונגער, מ׳האָט פאַר זיי געדאַרפט שאַפן וווינונגען און אַמאָל אַפילו אַ העמד אויפן לײַב; אין באַזונדערער אויפזיכט און אויפ־מערקזאַמקייט האָבן זיך געניייטיקט די קליינע קינדער פון די דאָזיקע פליטים.

כדי צו העלפן די פאַרשידענע מינים אומגליקלעכע און געליטענע פון קריג, האָבן זיך אין רוסלאַנד געגרינ־דעט עטלעכע גרויסע אָרגאַניזאַציעס, אין וועלכע די בעס־טע רוסישע מענטשן האָבן מיט מסירת־נפש געאַרבעט פאַרן אָנגערופענעם צוועק. געווען אויך אַ פּאָר אַזעלכע יידישע אָרגאַניזאַציעס, און אין זיי האָבן אויף פאַרשי־דענע געביטן געפירט אַ גרויסע אינטענסיווע אַרבעט צענדליקער יידישע אינטעליגענטן. אויך יוסף האָט גע־אַרבעט אין איינער פון אַזעלכע געזעלשאַפטן. די אָנגע־שטעלטע פון די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס זענען געווען מי־ליטאַריזירט, און עס איז טאַקע געבליבן אַ פאָטאָגראַפיע פון יוסףן אין יענער צייט, מיליטעריש געקליידעט.

אין נאָוועמבער 1915 האָט יוסף געפירט אַ צוג מיט יידישע פליטים. אַלס דער באַפולמעכטיקטער פון אַ גרוי־סער אָרגאַניזאַציע, האָט ער געפירט אַ פּאָר טויזנט ביע־זשענצעס אויף זייערע נײַע וווינערטער. קיין פּאַסאַזשיר־וואַגאָנעס האָט די רעגירונג אויף דעם צוועק נישט גע־געבן, האָט מען געמוזט פירן די אומגליקלעכע אין פראַכט־און פי־וואַגאָנען. עס איז געווען נישט נאָר אַ מאָראַלישע פּײַן, נאָר אויך פיזישע לײַדן האָט דאָס פאַרשאַפן. עס איז געווען נאָוועמבער חודש, עס האָבן געגאָסן רעגנס, בײַנאַכט איז געווען אין די וואַגאָנעס שטאַרק קאַלט, דער ווינט האָט געבלאָזן דורך די אָפענע שפּאַרעס. עס איז געווען דערצו אַ געוואַלדיקע ענגשאַפט, דער צוג האָט זיך געשלעפּט פּאַמעלעך, וואָכנלאַנג — אָפּטרעטנדיק דעם וועג פאַר „וויכטיקערע" מיליטערישע צוגן. די פליטים זענען געווען הונגעריק, אויסגעשעפּט. און אַזוי איז אויך



יוסף אין 1917, קרים — צוזאמען מיט זיין פריינד.

געוועזן זייער פירער — יוסף לעשטשינסקי. ער האָט גע־ליטן מאָראַליש — פאַר זיך און פאַר די, וועלכע ער האָט געפירט. זײַן אַרבעט איז געוועזן שווער און פאַראַנטוואָרט־לעך. אָט די נסיעה האָט זיך פאַר יוספן טרויעריק גע־ענדיקט: ער האָט דאַן געקראָגן אַ לונגען־קראַנקהייט, וואָס אירע פאָלגן האָט ער געפילט זײַן גאַנץ לעבן.

אָבער צוזאַמען מיטן וועלטקריג האָבן זיך אויך גע־שטאַרקט די האָפענונגען פון די רעוואָלוציאָנערע פאַר־טייען אין רוסלאַנד, אַז דער „ליימענער ריז", די רוסישע זעלבסטהערשאַפט, וועט דעם קריג נישט אויסהאַלטן, אַז עס איז אומפאַרמײַדלעך די קאַטאַסטראָפע פונעם צאַרישן רעזשים, און אַז דער גרויסער צאָרן און די אָנגעוויי־טיקטע געפילן פונעם רוסישן פאָלק און פון די אַנדערע פעלקער, פון וועלכע רוסלאַנד איז באַשטאַנען, וועלן זיך סוף־כל־סוף אויסגיסן אין דער פאָרם פון אַ רעוואָלוציע, וועלכע וועט ברענגען פרײַהייט און אַ נײַע אָרדענונג. און אַזוי איז טאַקע געווען. סוף פעברואַר 1917 איז אויסגעבראָכן דער אויפשטאַנד פון פאָלק אין דער הויפט־שטאָט פון לאַנד, אין פעטערבורג; באַלד איז אויך דאָס מיליטער אַריבער אויף דער זײַט פון אויפגעשטאַנענעם פאָלק — און די רעוואָלוציע האָט געזיגט! אין גיכן איז ד׳צאַר רוסישער צאַר שוין געווען דעטראָניזירט, רוסלאַנד איז געוואָרן אַ פרײַע רעפובליק, אָנגעפירט פון אַ צײַט־ווײַליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג. דער אַרבעטער־קלאַס האָט זיך באַלד אָרגאַניזירט אין „ראַטן פון אַרבע־טער־דעפוטאַטן", און ער איז געשטאַנען אויף דער וואַך פון דער רעוואָלוציע. די אַרבעטער־פאַרטייען האָבן זיך גענומען אָרגאַניזירן און אויפקלערן דאָס פאָלק און די גרויסע אַרמיי. אין לאַנד האָט געברויזט און געקאָכט.

אויך די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג און אירע פאַרטייען זענען אויפגעשטאַנען תחית המתים. אמת, די הויפּטמאַסן פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט זענען געבליבן אין די געביטן פון דער עסטרײַך־דײַטשער אָקופּאַציע, דערונטער אויך אין הײַנטיקן פּוילן, — דאָך

איז געווען אַ גענוג גרויסע יִידישע אַרב׳-באַוועגונג אין די נישט-פֿאַרנומענע געביטן, איבערהויפּט אין אוקראַיִנע, וועלכע האָט דערוואַכט צו אַ זעלבשטענדיקער רעוואָלוציאָנערער עקזיסטענץ.

צוויי יִידישע אַרב׳ פּאַרטייען — ס״ס און י״ס (סיי-מיסטן) האָבן באַלד אין די ערשטע חדשים פֿון דער רעוואָלוציע אָפּגעהאַלטן קאָנפֿערענצן און באַשלאָסן זיך צו-נויפצוגיסן אין איין פּאַרטיי, וועלכע האָט געקראָגן דעם נאָמען „פֿאַראייניקטע". פּנים־אל־פּנים מיט דער גרויסער רוסישער רעוואָלוציע, פֿאַרענדיקן די ס״ס זייער עוואָ-לוציע, און אינעם אַרטיקל פֿון יוסף וועגן דער זעקסטער פּאַרטיי-קאָנפֿערענץ („דער יִידישער פּראָלעטאַריער", קיִעוו, יוני 1917) — האָבן מיר טאַקע זייַנע זייער קלאָרע פֿאָר-מולירונגען און אויספֿירונגען וועגן דעם. יוסף שרייַבט:

„דעם גלות האָבן מיר (ד״ה, ס״ס) קיינמאָל נישט געפּרוווט אָפּצולייקענען... און די דויערנדיקע אַנטוויק-לונג — די עוואָלוציע — האָט אונז געבראַכט צום אָנער-קענען, אַז דאָס יִידישע נאַציאָנאַלע לעבן קאָן דאָ (אין גלות, ח. ש. ק.) אָרגאַניזירט און נאָרמאַליזירט ווערן — אויף וויפל ס׳קאָן — נאָר אין מלוכה-רעכטלעכע פֿאָרמען; צום אָנערקענען, אַז אין אָט די פֿאָרמען פֿון יִידיש-נאַציאָנאַלן לעבן איז מער פֿון אַלעמען פֿאַראינטערע-סירט דער יִידישער פּראָלעטאַריאַט און די ברייטע דע־מאָקראַטישע מאַסן... — — מיטן אייַנשליסן די אויטאָנאָ-מיע אין פּראָגראַם האָבן מיר פֿאַרענדיקט אַ באַשטימטן עטאַפּ פֿון אונזער אַנטוויקלונג". און ווייִטער:

...„אַזוי פֿאַרשטאַנען, פֿאַרלירט דער טעריטאָריאַליזם דעם אויבנאָן אין אונדזער פּראָגראַם, אין אַמאָליקן זינען פֿון דעם וואָרט. מיר זענען די פּאַרטיי פֿונעם יִידישן אַרבעטער-קלאַס אין אַלע לענדער, וווּ די יידישע נאַציע לעבט און אַנטוויקלט זיך, ד״ה, די יִידישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע"...

דער געדאַנק וועגן אויטאָנאָמיזם האָט געזיגט. טעריטאָריאַליזם האָט ביי די ס״ס אויפגעהערט צו זייַן

דער אָפּגאַט. איז דעריבער געווען מער ווי נאַטירלעך, ווען די ס"ס האָבן זיך פאַראייניקט מיט די י"ס („סערפּ", סיימיסטן) — און געבילדעט איין געמיינזאַמע פּאַרטיי. עס איז געווען נאַטירלעך, ווען די דאָזיקע פּאַרטיי האָט איצט געהאַט גאָר אַ נייַע באַציִונג צום „בונד" און ס'האָט זיך געמערקט אַפילו אַ געוויסע דערנענטערונג צו אים: דער „בונד" איז דאָך געווען דער ערשטער, וועלכער האָט אויפגעהויבן די פאָן פון אויטאָנאָמיזם. דער ערשטער, וואָס האָט זיך באַטראַכט ווי די סאָציִ-דעמאָקראַטישע פּאַרטיי פון ייִדישן אַרבעטער-קלאַס.

אין דער נייַער פאַראייניקטער פּאַרטיי האָט יוסף פאַרנומען אַן אָנגעזעען אָרט. ער איז געווען מיט-רע-דאַקטאָר פון דער טעגלעכער צייַטונג „די נייַע צייַט". ער איז געווען מיטגליד פון צענטראַל-קאָמיטעט. ער איז געשיקט געוואָרן דורך דער פּאַרטיי אין דער צענטראַ-לער ראַדע — די העכסטע פאָלקס-פאַרטרעטערשאַפט פון דער רעוואָלוציאָנערער אוקראַיִנע. ער איז געשיקט און געוויילט געוואָרן אין ערשטן דעמאָקראַטישן שטאָטראַט פון קיִעוו, ער איז געווען אַקטיווער מיטגליד פון ייִדישן נאַציאָנאַל-ראַט, וווּ ער טרעט אָפט אַרויס מיט גרויסע און שטאַרקע רעדעס. מיט אַ באַזונדערער שאַרפקייט טרעט ער אַרויס קעגן די ציוניסטן — סייַ אין דער „נייַער צייַט", סייַ אין נאַציאָנאַל-ראַט.

אין יענעם יאָר, 1917, איז געשטאָרבן יוספס מו-טער, וועלכע האָט אים אַזוי געוואַלדיק ליב געהאַט. עס ווערט וועגן איר טויט אַזוי איבערגעגעבן: זי פלעגט יעדן טאָג לייענען די „נייַע צייַט", כּדי עפּעס צו הערן וועגן איר געליבטן זון יוסף. איין מאָל איז געווען אַ גרויסע זיצונג פון נאַציאָנאַל-ראַט אין קיִעוו, יוסף האָט געהאַלטן אַ שאַרפע רעדע קעגן די ציוניסטן, זיי גע-זידלט פאַר זייער טאַקטיק. אויף מאָרגן האָט די מוטער דאָס אַלץ געלייענט אין צייַטונג. זי איז שוין געווען אַלט און קראַנק. האָט זי צוגערופן דעם ייִנגסטן זון יודקען און זי בעט אים: „שרייַב אָן יוספן, זאָל ער

זיך נישט קריגן אַזוי מיט די ציוניסטן... אויף וואָס דאַרף מען זיך קריגן..." דעם זעלבן טאָג, 2 ביינאַכט, איז זי געשטאָרבן. אַלע קינדער זענען געקומען פון קיִעוו צו דער לויה, אויך יוסף איז געקומען.

דאָס יאָר 1917 איז געווען אַנטשיידנד פאַר יוספן. ער האָט זיך באַפרייט פון די נאַציאָנאַליסטיש־ראָמאַנטישע רעשטלעך פון זיין אַמאָל. ער האָט זיך מיט ריזנטריט דערנענטערט צו דער אידעאָלאָגיע פון „בונד". ער איז געוואָרן קעמפער פון אויטאָנאָמיזם און פון יידיש־וועלטלעכער קולטור. ווען אין דעצעמבער 1917 איז דאָס יידישע קיִעוו געשטאַנען אונטערן צייכן פון וואַלקאַמף צו דער קהילה, — שרייבט יוסף אין דער „נייער צייט":

„מען מוז עוקר מן השורש" זיין דעם פּאָלי־טישן אתה־בחרתּניזם. וואָס איז גוט פאַר די אומות העולם, מוז זיין אויך גוט פאַרן פאָלק ישראל. אַ שול אויף דער מוטערשפּראַך איז דער אידעאַל פון אַלע אונטערדריקטע פעלקער און פון אַלע פאַרשטאַנדיקע פּעדאַגאָגן — צו דעם געדאַנק מוז מען צוגעוויינען אויך דעם יידישן עולם".

און ווען ס'איז אַנטשטאַנען אין קיִעוו דאָס יידישע מיניסטעריום, האָט יוסף אין אים געאַרבעט פּראַקטיש און געהאָלפן צו פאַרשטאַרקן די יידישע אויטאָנאָמיע אין דער אוקראַיִנער מלוכה. און ווען עס איז שפּעטער, אין 1918, געקומען צו אַ קאָנטר־רעוואָלוציאָנערער איבער־קערעניש און בירגערקריג אין אוקראַיִנע, און דאָס יידישע מיניסטעריום איז שוין כּמעט בטל געוואָרן, — און עס איז געגרינדעט געוואָרן די „קולטור־ליגע", וועלכע האָט אַרומגענומען אַלע געביטן פון דער נייער יידיש־וועלטלעכער קולטור־אַרבעט, — האָבן אַלע סאָציאַליס־טישע פּאַרטייען פּאַראייניקט אין דער „קולטור־ליגע" אַלע זייערע כּוחות און געמיינזאַם געאַרבעט, — און אויך יוסף האָט, פאַרשטייט זיך, ביי דער אַרבעט נישט גע־פעלט, הגם זיינע אינטערעסן זענען געלעגן הויפּטזאַכ־

לעך אויפֿן געביט פֿון פּאָליטיק, און הגם ער האָט פֿון צײַט צו צײַט געליטן פֿיזיש פֿון זײַן אַלטער קראַנקהייט.

* *
*

די רוסישע רעוואָלוציע איז געגאַנגען מיט איר ווײַטערער אַנטוויקלונג. אין פּעטערבורג האָט דורכגעפֿירט אַ נײַע רעוואָלוציע די שפּעטערדיקע רוסל׳ קאָמוניסטישע פּאַר־טיי, וועלכע איז צו יענער צײַט געווען באַקאַנט אונטערן נאָמען „באָלשעוויקעס״. סוף אָקטאָבער 1917 האָבן זיי דעראָבערט די מאַכט און אויסגעבילדעט אַ נײַע רעגירונג.

אויך אויף אוקראַינע האָט זיך די קאָמוניסטישע פּאַרטיי געגרייט צו פֿאַרכאַפּן די מאַכט. אָבער דאָ איז געווען אַ גרויסער קעגן־כּוח מצד די אוקראַינער סאָ־ציאַליסטן און נאַציאָנאַליסטן, עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ לאַנגדויערנדיקער בירגערקריג, עס האָבן זיך געטוישט רעגירונגען. אין דער צײַט פֿון בירגערקריג האָט באַזונ־דערס געליטן די יידישע באַפֿעלקערונג: די קאָנטער־רעוואָ־לוציע אין לאַנד איז געגאַנגען אונטערן לאָזונג פֿון קאַמף קעגן קאָמוניסטן און קעגן יידן. פֿון די פּעטלורישע, דעניקינשע און אַנדערע באַנדעס זענען אומגעקומען הונ־דערטער יידישע קהילות, עס זענען אויסגעקוילעט גע־וואָרן הונדערטער טויזנטער יידן...

אַזוי זענען אַדורך די יאָרן 1918—1919. ענדלעך, האָט זיך אויך אויף אוקראַינע אײַנגעשטעלט אַ סאָוויע־טישע אָרדנונג.

די יידישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטייען האָבן פֿאַר די פּאָר יאָר איבערגעלעבט אַ שווערן קריזיס. פֿון „בונד״ איז אַוועק אַ גרויסער טייל און אויסגעבילדעט אַ קאָמוניסטישן „פֿאַרבאַנד״. צו זיי איז אויך צוגעשטאַ־נען אַן אָפּגעשפּאָלטענע גרופּע פֿון די „פֿאַראייניקטע״. שפּעטער האָבן זיך אין די רייען פֿון די „פֿאַראייניקטע״ נאָך מער געשטאַרקט די סימפּאַטיעס און דער גלויבן אין קאָמוניזם, און אין יולי 1920 האָט זייער פּאַרטיי־שע קאָנפֿערענץ אין האָמעל זיך ענדגילטיק געשטעלט אויף

דער קאָמוניסטישער פּאָזיציע. פון „בונד" ווידער איז צו דער צײַט אַוועק דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער טייל, און דער רוסל' „בונד" איז אַזוי אַרום געבליבן — קאָמוניסטיש. אינגיכן איז פאָרגעקומען די פאָרמעלע פאַראייניקונג פון קאָמוניסטישן „בונד" און פון די „פאַראייניקטע", — עס איז געוואָרן איין פּאַרטיי אונטערן אַלטן נאָמען „בונד". אין דעם דאָזיקן „בונד" איז אויך יוסף אַרײַנגעטראָטן.

אויך אין דער אַלגעמיינער קאָמוניסטישער פּאַרטיי זענען געווען יידישע טיילן (יעווסעקעס), און די לעצטע האָבן געפאָדערט, אַז דער „בונד" זאָל זיך אינגאַנצן ליקווידירן. דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט האָט יוסף אָן וואַקלעניש — אָפּגעוואָרפן. אומאָפּהענגיק פון זײַן אַלגעמיינער פּאָליטישער אײַנשטעלונג, האָט ער אָבער בשום אופן נישט געוואָלט אײַנגיין אויף דער פאָדערונג צו ליקווידירן די אויטאָנאָמיע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג און אין יידישן לעבן בכלל. ער האָט אָבער געפילט, אַז אויך די נײַע בונדישע פּאַרטיי וועט סוף־כּל־סוף אַוועקגיין מיטן וועג פון די יעווסעקעס, און דעריבער האָט ער זיך גענומען רײַסן קיין פּוילן — אין דעם דאָזיקן גרויסן צענטער פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג.

פּוילן האָט פאַר די עטלעכע יאָר אַדורכגעמאַכט אַן אייגן שטיק געשיכטע, און עס איז באַשאַפן געוואָרן די אומאָפּהענגיקע פּוילישע רעפּובליק.

פעברואַר 1921 קומט יוסף קיין וואַרשע, און עס הייבט זיך אָן אַ נײַ גרויס קאַפּיטל אין זיין לעבנסגעשיכטע, דאָס לעצטע, צום אומגליק, קאַפּיטל, — דערפאַר אָבער דאָס הערלעכסטע, דאָס שענסטע, דערהויבנסטע...

# יוסף אין „בונד״.

אָנפאַנג 1921 איז יוסף געקומען קיין וואַרשע, און באַלד זיך אָנגעשלאָסן אין „בונד״. און שוין פון די ערשטע וואָכן האָט ער דאָ פאַרנומען איינע פון די פאָדערשטע פּאָזיציעס, און אַזוי אין משך פון 15 יאָר געדינט דעם „בונד״ — מיט זיין פעדער, מיט זיינע רעדנערפעיקייטן, מיט זיין אָרגאַניזאַטאָרישער דערפאַרונג.

דער „בונד״ איז געווען פאַר אים, אַזוי צו זאָגן, די צווייטע היים, די צווייטע סאָציאַליסטישע סטאַציע. אָבער, אין בונד, איז ער געקומען רייף אין יאָרן און רייף אין באַוווסטזיין. און אָט די 15 יאָר „בונד״ — זענען געוויס געווען די רייכסטע און פּראָדוקטיווסטע יאָרן אין לעבן פון יוספן. דאָ האָט ער געפונען אַ גרויס אַרבעטס־פעלד, אַ צאָלרייכע אוידיטאָריע, דאָ האָט ער זיך דערוואָרבן פריינד און תלמידים, — און אָט דער אַרבעט האָט ער אָפּגעגעבן גאָר זיין טאַלענט און טעמפּעראַמענט. דאָ האָט ער זיך דערוואָרבן רעספּעקט און אַכטונג אַפילו צווישן די, וואָס זענען מיט אים אידעיש צי פּראָגראַמאַטיש נישט מסכים געווען. דעם „בונד״ און דעם יידישן אַרבעטער־קלאַס, האָט יוסף געדינט מיט זיין גאַנצן מהות, מיט לייב און מיט לעבן. און אויפן מזבח פון „בונד״ האָט ער,ווירקלעך, אַוועקגעגעבן זיין גאַנצע נשמה און זיין קראַנקן גוף.

יוסף איז אַראָפּגעקומען קיין וואַרשע אין אַ מאָ־

מענט, ווען אויך דער פוילישער „בונד" האָט איבערגע־לעבט אַ שווערן קריזיס. די אויסגעפּראָוועטע פירער פון דער פּאַרטיי האָבן געקעמפט פאַר איר גאַנצקייט און קעגן די שפּאַלטונגס־טענדענצן פון יענער גרופּע, וועלכע האָבן זיך שוין געהאַלטן פאַר קאָמוניסטן, ד"ה פאַר בונדיסטן־קאָמוניסטן. סוף 1921 איז אין דאַנציג פאָרגע־קומען דער צווייטער צוזאַמענפאָר פון פוילישן „בונד", און דאָרט זענען געווען דריי פראַקציעס: לינקע, צענ־טריסטן און קאָמבונדיסטן. דער הויפּטקאַמף איז געגאַנגען אַרום דער פראַגע וועגן אַרײַנטרעטן פון בונד אין קאָ־מינטערן, וועגן אָננעמען אָדער אָפּוואַרפן די באַרימטע 21 פונקטן — די אײַנטריט־באַדינגונגען פון קאָמינטערן. עס איז געווען דאַן אַ צײַט, ווען צווישן אַ גרויסן טייל יידישע אַרבעטער אין פוילן איז געווען שטאַרק דער גלויבן און צוטרוי צום קאָמינטערן און זײַן רעוואָלוציאָ־נערער ראָל, און פאַר די דעלעגאַטן פון אָט דעם טייל איז געווען קלאָר, אַז דער „בונד" דאַרף אַרײַנטרעטן אין קאָמינטערן: די קאָמבונדיסטן האָבן געמיינט — אָן שום באַדינגונגען, די לינקע — האָבן אָפּגעוואָרפן נאָר אַ פּאָר פון די 21 באַדינגונגען. די פראַקציע „צענטער" האָט אַנ־דערש געמיינט; אין איר רעזאָלוציע, וועלכע האָט באַקו־מען נאָר 17 שטימען, קעגן 26 פון דער לינקער פראַקציע, האָט זי אַזוי אַנטוויקלט איר שטאַנדפּונקט: „...דער איבער־געטריבענער צענטראַליזם, די אָפּשאַפונג פון דעם אינער־לעכן דעמאָקראַטיזם אינעם פּאַרטיי־לעבן און די שפּאַלטונג פון די רעוואָלוציאָנערע מאַסן־פּאַרטייען, וועלכע ווערן געפאָדערט אין די 21 פונקטן און זענען אַמבולטסטן גע־קומען צום אויסדרוק אין די פונקטן 1, 2, 7, 20 און 21, זענען נישט מסוגל צו דערפירן צום געווינטשטן רעזולטאַט. די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע וועט סיי אין נאַציאָנאַלן אַזוי אויך אינעם אינטערנאַציאָנאַלן מאַסשטאַב, קאָנען זיגן אויסשליסלעך אַלס מאַסן־באַוועגונג פון דעם רעוואָלוציאָ־נערן פּראָלעטאַריאַט. די קאָנסעקווענטע דורכפירונג פון די 21 פונקטן פירט אָבער צו דער פאַרוואַנדלונג פון דעם




**יוסף אין מײַ־צוג פון „בונד", וואַרשע 1934.**

אין דער רײע פון לינקס אויף רעכטס:

ח״ח נח, ה. ערליך, שרה שוועבער, יוסף לעשטשינסקי, חיים וואַסער.

דריטן אינטערנאַציאָנאַל — אין אַן אינטערנאַציאָנאַל פון סעקטן און נישט פון רעוואָלוציאָנערע מאַסן-פּאַרטייען, און די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור — אין אַ דיקטאַטור פון אַ קליינער סעקטע איבערן פּראָלעטאַריאַט"...

יוסף האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער ל י נ ק ע ר פּראַקציע, און אין דער פּראַקציע איז ער פּאַרבליבן ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן. אין דער פּראַקציע, וועלכע האָט געקראָגן דעם נאָמען „צווייער", איז ער געוואָרן וואָרטזאָגער און פירער. שפּעטער האָט ער געגרינדעט דעם אָרגאַן פון דער דאָזיקער פּראַקציע „קעגן שטראָם", ער האָט אים רעדאַגירט, ער האָט געשריבן אַ גרויסן טייל פון זיין מאַטעריאַל, ער האָט געגעבן דעם טאָן און כאַראַקטער פון דער אויסגאַבע.

יוספס געדאַנקען-גאַנג איז דעמאָלסט און אויך שפּעטער געווען אַזאַ:

די תקופה, וועלכע מיר לעבן איבער, דאָס איז די תקופה פון סאָציאַלער רעוואָלוציע. פּאַרווירקלעכן אירע אויפגאַבן וועט זיין מעגלעך נאָר ווען דער אַרבעטער-קלאַס וועט דעראָבערן די מאַכט און וועט איינשטעלן די אַרבעטער-מאַכט. כּדי צו קומען צו זיין ציל, דאַרף דער אַרבעטער-קלאַס פירן אַ קאָנסעקווענטן רעוואָלוציאָנערן קלאַסנקאַמף, ער טאָר נישט אין דער היינטיקער אָרדענונג גיין אויף קיין שום צוזאַמענאַרבעט מיט די בורזשואַזע פּאַרטייען, אויף קיין שום קאָאַליציע אין דער רעגירונג וכדומה. יוסף האָט פּאַראורטיילט דעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל און זיינע אָנגעשלאָסענע פּאַרטייען פאַר זייער נישט-אויסגעהאַלטנקייט אינעם קלאַסנקאַמף, פאַר זייער רעפאָרמיזם און גרייטקייט אויף קאָאַליציע מיט די בורזשואַזע פּאַרטייען. דעריבער איז יוסף אַפילו מיט יאָרן שפּעטער, נאָכן דאַנציגער צוזאַמענפאָר, ווען די אַנטווישונג אין קאָמינטערן איז שוין געווען זייער שטאַרק אין די רייען פון „בונד", דאָך געווען קעגן אָנשליסן פון „בונד" אין צווייטן (סאָציאַליסטישן) אינטערנאַציאָנאַל. ער האָט געהאַלטן, אַז דער „בונד" דאַרף זיך

איייניקן בלויז מיט די עטלעכע אמת־רעוואָלוציאָנערע סאָצ׳
פּאַרטייען, וועלכע שטייען מחוץ פון ביידע אינטערנאַציאָ-
נאַלן — סײַ דעם צווייטן, סײַ דעם דריטן.

יוסף איז געווען אַ שאַרפער קעגנער פון שפּאַל-
טונג. יוסף האָט געפּריידיקט די אייינהייט פון פּראָלעטאַ-
רישן קאַמף. ער האָט געהאַפּט, אַז דורך דעם אייינהייט-
לעכן פּראָלעטאַרישן קאַמף וועט זיך אײַנגעבן ענדגילטיק
צו באַזײַטיקן די שפּאַלטונגס־פּראַקטיק אין די רייען פון
פּראָלעטאַריאַט. אָבער אין דער זעלבער צײַט איז יוסף
נישט מסכים געווען מיט די, „וועלכע מיינען און זאָגן,
אַז די סיבה פון אַלע צרות איז די שפּאַלטונג אין די
אַרבעטער־רייען. אַז די שפּאַלטונג איז אַ קללה פאַר דער
אַרבעטער־באַוועגונג — דאָס געוויס. אָבער מען מוז אויך
געדענקען, אַז נישט פון שפּאַלטונג דאַטירט דער
ב ר א ש י ת פון דער קראַנקהייט פון דער אַרבעטער־באַ-
וועגונג. דער בראשית דאַטירט פון דעם רעפאָרמיסטישן
זינדפאַל פון אַ רייע פּאַרטייען, צי פון זייערע מערהייטן.
פּריִער, פּרימאָ איז געווען ר ע פ אָ ר מ י ז ם, און דערנאָך,
סעקונדאָ, איז געקומען שפּאַלטונג. די שפּאַלטונג איז אַזוי
צו זאָגן אַ פונקציע פון רעפאָרמיזם.” („קעגן שטראָם”,
פעברואַר 1931).

און גלײַכצײַטיק האָט יוסף געהאַלטן, אַז די זעלב-
שטענדיקייט פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג איז
אַ היסטאָריש־נייטיקע און באַרעכטיקטע דערשײַנונג, און
דער „בונד” דאַרף ווײַטער פאַרבלײַבן בײַ זײַן שטאַנד-
פונקט פון אויטאָנאָמיע אין די רייען פון דער אַלגעמיי-
נער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין לאַנד. אָט דעם בונ-
דישן אָרגאַניזאַציאָנס־פּרינציפּ האָט יוסף פאַרטיידיקט מיט
אַלע כוחות, און מיט זיין גאַנצער שאַרפקייט האָט ער
ווײַטער באַקעמפט דעם איבערגעטריבענעם צענטראַליזם
פון די קאָמוניסטישע פּאַרטייען. יוסף האָט גוט פאַר-
שטאַנען, אַז די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג קאָן זיך
אַנטוויקלען נאָר אַלס אַ פרײַע אויטאָנאָמע באַוועגונג.

זײַענדיק אַ מיטגליד פון דער רעדאַקציע „פאָלקס-

צײַטונג", האָט יוסף זיך געמיט אויך דאָ צו ברענגען צום אויסדרוק זײַנע מיינונגען און שטימונגען. אין דער פאַרטיידיקונג פון זײַנע אָנשויונגען און אידעאַלן האָט ער נישט געוווסט פון קיין מילדערונגס־מאָטיוון. מיט שאַרפקייט האָט ער באַקעמפט זײַנע קעגנער, אָבער קיינמאָל זיך נישט אַראָפּגעלאָזט צו קיין ביליקן און דעמאַגאָגישן טאָן. תּמיד געבליבן אויפריכטיק און אָרנטלעך, תּמיד געווען ערנסט, מיט געפיל פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט. און זײַענדיק פירער פון אַ פראַקציע, האָט ער קיינמאָל נישט פאַרגעסן די אינטערעסן פון דער באַוועגונג און פון דער פּאַרטיי אַלס גאַנצעס.

* *

*

אַ באַזונדערע אינטימקייט און צוגעבונדנקייט האָט יוסף געהאַט בנוגע דעם *ייִדישן* לעבן. דורכגעדרונגען מיט ייִדישער קולטור, גוט באַהאַוונט נישט נאָר אין דער נײַער וועלטלעכער, נאָר אויך אין דער אַלטער און העברעיִשער קולטור; פון יונגווײַז אויף אויסגעווייטיקט אַלע דערשײַנונגען פון דער יידן־פראַגע און געזוכט אַ וועג פאַר דער אויסלייזונג פון דער אונטערדריקטער נאַציע; אַליין געקומען פון די טיפענישן פון ייִדישן לעבן און גוט געקענט דעם גאַנצן לעבנס־שטייגער, די שטימונגען און טרוימען פון די ייִדישע פאָלקסמאַסן, — האָט ער זײַן גאַנץ לעבן אײַנגעהאַלטן אַ טיפע פאַרשטענדניש פאַר די עקאָנאָמישע, סאָציאַלע און קולטורגויטן פון אָט די מאַסן. די דאָזיקע פּראָבלעמען האָט יוסף באַזונדער ווייטיקלעך אויפגענומען, און געזוכט זייער לייזונג.

און געפינענדיק זיך איצט אין „בונד", אין אָט דער אַלטער און אויסגעפּרוּווטער פּאַרטיי פון ייִדישן אַרבעטער־קלאַס, אין אַ פּאַרטיי, וועלכע איז געווען געקניפּט און געבונדן מיט די ברייטסטע אַרבעטער־מאַסן נישט נאָר פּאָליטיש, נאָר אויך דורך דעם אַלטעגלעכן עקאָנאָמישן און קולטור־געזעלשאַפטלעכן קאַמף, — האָט יוסף איצט געפונען דאָס רײַכסטע פעלד פאַר דער אויסלאָדונג פון

זײַנע פֿאָלקסטימלעכע געפֿילן, פֿאַר דער פּראַקטישער אָנווענדונג פֿון זײַנע נאַציאָנאַל-פּאָליטישע באַאָבאַכטונגען און דערפֿאַרונגען, פֿאַר זײַן דירעקטער אַרבעט לטובת די דאָזיקע מאַסן.

צענדליקער און צענדליקער אַרטיקלען האָט יוסף פֿאַרעפֿנטלעכט אין „פֿאָלקסצײַטונג" וועגן ציוניזם, וועגן אַסימילאַציע, העברעיִזם, וועגן די עקאָנאָמישע נויטן, וועגן טעריטאָריאַליזם, וועגן בירא-בידזשאַן און נאָך און נאָך. יוסף האָט געהעריק אָפּגעשאַצט די באַדײַטונג פֿון דעם אינסטיטוט פֿון ייִדישע קהילות, און האָט קיינמאָל נישט געשטיצט דעם געדאַנק וועגן באָיקאָטירן די דאָזיקע אינסטיטוציעס און די וואַלן צו די קהילות אין פּוילן. יוסף איז אין שליחות פֿון „בונד" געזעסן אַ פּאָר יאָר אין דער פֿאַרוואַלטונג פֿון דער וואַרשעווער קהילה, און ער האָט דאָ זײַן מיסיע אויסגעפֿירט בשלימות. ער האָט נישט נאָר געפֿירט פּרינציפּיעלע קאַמפֿן און געגעבן פּאָליטישע שלאַכטן די פֿאַרשטײַער פֿון דער ייִדישער בורזשואַזיע און אָרטאָדאָקסיע, נאָר ער האָט דאָ אויסגעפֿירט אויך פּראַקטישע אַרבעט, ער האָט זיך געמיט, אַז די קהילה און אירע אינסטיטוציעס זאָלן וואָס מער דינען די אינטערעסן פֿון ייִדישן אַרבעטער און פֿאָלקסמענטש. יוסף האָט אַרויסגעוויזן פֿאַרשטענדניש און געדולדיקייט אויך פֿאַר די נויטן פֿון יחידים, ער האָט אין ריינעם זינען פֿון וואָרט געדינט נישט נאָר דעם „בונד", נאָר אויך דער פֿאָלקס-מאַסע, דעם האָרעפּאַשניק און פֿאָלקסמענטש.

אָבער סוף־כל־סוף איז די דאָזיקע קליינע טאָג-טעגלעכע אַרבעט אין דער קהילה פֿאַר אים געווען אַ שווערע לאַסט. יוסף איז געווען באַשטימט פֿאַר עפּעס העכערס, וויכטיקערס. און זײַן הויפּט-מיסיע האָט ער געזען אין דעם, אַז אין די רייען פֿון זײַן פּאַרטיי און פֿון דער גאַנצער ייִדישער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפֿט זאָל אײַנגעשטעלט ווערן אַ ריכטיקע באַציִונג צו די פּראָבלעמען פֿון ייִדישן לעבן. אינגאַנצן 5 חדשים פֿאַר זײַן

טויט האָט נאָך ח׳ יוסף זיך באַטייליקט אין וואַרשע, אינעם זעקסטן צוזאַמענפאָר פון „בונד״, און ער האָט דאָ געהאַלטן אַ רעפעראַט איבער די פּראָבלעמען פון יידישן מאַסנלעבן. אויף אַן אויסערגעוויינלעכער הייך איז געשטאַנען דער דאָזיקער רעפעראַט, מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט האָבן אים אויסגעהערט אַלע אָנוועזנדע. דער דאָזיקער רעפעראַט — דאָס איז געווען די לעצטע גרויסע אַרויסטרעטונג פון ח׳ כמורנער. דאָס איז געווען זיין שוואַנען־ליד. דער דאָזיקער רעפעראַט איז געווען דער סך־הכּל און קווינטעסענץ פון זיין גאַנצן אידעישן לעבן, פון זיינע זוכונגען און פאָרשונגען, פון זיין אינטענסיווער אַרבעט איבער זיך, איבער זיין אידעאָלאָגיע. און דער דאָזיקער רעפעראַט איז געווען אויך דער סך־הכּל פון זיין פיזישן לעבן, עס איז געווען דער „סוף פון אַ רייזע״, פון אַ גרויסער רייזע אין לאַנד פון צוקונפט, אונטערגענומען דורך אַ גרויסן און קלוגן, דרייסטן און איניציאַטיווּרייכן קאַפּיטאַן...

אָט וואָס עס איז געווען דער אינהאַלט פון יוספס רעפעראַט:

וועלכע אָרדענונג וועט ברענגען די אמתע און פולע יידישע גלייכבאַרעכטיקונג אויף אַלע געביטן פון לעבן? דער אונטערגייענדיקער קאַפּיטאַליזם רייסט אַראָפּ אַלע זיינע דעמאָקראַטישע שלייערן, ער ליקווידירט זיינע ביזאיצטיקע מלוכה־פאָרמען, און ער מוז און וועט אויף דעם וועג זיינעם אויך ליקווידירן די נאַציאָנאַלע גלייכבאַרעכטיקונג. „די לאַגע פון די יידן איז, אין אַ געוויסער מאָס, גלייך צו דער לאַגע פון די אַרבעטסלאָזע. די אַרבעטסלאָזיקייט איז אוממעגלעך צו לייזן ביים איצטיקן צושטאַנד פון קאַפּיטאַליזם. אין די קאַפּיטאַליסטישע באַדינגונגען איז אויך נישט מעגלעך צו לייזן די פּראָבלעמען פון יידישן עקאָנאָמישן און קולטורעלן לעבן.. וועט זיך לענגער פאַרציען די תקופה פון פאַשיזם, וועט זיך אויך לענגער פאַרציען דער ליידנסוועג פון דער יידישער מאַסע, וואָס פירט זי צו פּויפּעריזאַציע. דער איינציקער

ענטפער איז — דורך קאַמף צו פּראָלעטאַרישער מאַכט. דער דאָזיקער איינציקער און ריכטיקער ענטפער האָט אָבער דעם חסרון, וואָס פאַר די מאַסן איז דער דאָזיקער מאַקסי-מום-לאָזונג — צוקונפט-מוזיק. דער היינט, די לאַגע פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פעריאָד פון קאַפּיטאַליס-טישן צוזאַמענברוך, ווערט דורך דער דאָזיקער צוקונפט-מוזיק נישט בעסער"...

און ווייטער:

„אויסוואַנדערונג, אַלס לייזונג פון די שווערע פּראָב-לעמען פון יידישן מאַסן-לעבן, איז אַן אוטאָפּיע. וואָלט עס נישט געווען קיין אוטאָפּיע, וואָלט איך געהאַט דעם מוט דאָס צו אָנערקענען"...

„די אוטאָפּיע האָט דערביי די ר ע אַ ק צ י אָ נ ע-ר ע פּעולה, אַז אירע פריידיקער גראָבן אונטער, באַוווסט-זיניק צי אומבאַוווסטזיניק, דעם קאַמף אויפן אָרט, וועלכן די יידישע מאַסן מוזן מיט דער גרעסטער ענערגיע און אַנטשלאָסנקייט פירן פאַר זייער סאָציאַלער און נאַציאָנאַ-לער באַפרייונג. יעדע ציוניסטישע צי טעריטאָריאַליסטישע אידעאָלאָגיע מוז שפּיזן אין די יידישע מאַסן די שטי-מונגען, וועלכע האָבן זי גופא (די ציוניסטישע אידעאָ-לאָגיע) געבוירן: שטימונגען פון נאַציאָנאַליסטישער אָפּגע-זונדערטקייט, פון אומצוטרוי צו דער דרויסנדיקער נישט-יידישער — אַפילו סאָציאַליסטישער — וועלט, פון רע-זיגנירטקייט לגבי דעם רעאַלן אָרטיקן לעבן און ממילא פון פּאַסיווקייט און אַפּאָליטישקייט." (טעזן פון ה׳ יוסף צום צוזאַמענפאָר).

וואָס נוגע דער עצם דערשיינונג פון עמיגראַציע אין יידישן לעבן, זאָגט דער ה׳ יוסף:

„מיר באַקעמפן נישט עמיגראַציע, וועלכע איז אַ נאָרמאַלע און „נאַטירלעכע" דערשיינונג אין דער קאַפּי-טאַליסטישער וועלט. מיר דאַרפן באַקעמפן די עמיגראַציע-אילוזיעס, דעם פרווו פאַרצושטעלן די עמיגראַציע, אַלס פּאַרענטפערונג פון דער יידישער פראַגע."

ה׳ יוסף האָט ווייטער אין זיין רעפעראַט געפירט

אַ שאַרפֿע פּאָלעמיק מיט די נייטראַליסטישע שטימונגען אין באַצוג צו דער ייִדישער נאַציע און איר קולטור. ער האָט באַוויזן, אַז דער דאָזיקער נייטראַליזם איז די צווייטע זייט פֿון דער טעריטאָריאַליסטישער מטבע. דאָס איז נישט געווען דאָס ערשטע מאָל, ווען דעם ח׳ יוסף איז אויסגעקומען צו באַרירן די דאָזיקע זייער וויכטיקע פֿראַגע. צענדליקער אַרטיקלען האָט ח׳ יוסף געשריבן אין „פֿאָלקסצייטונג״ אויף דער טעמע, ער האָט שאַרף און אומברחמנותדיק געשטעמפּלט יענע, וועלכע פֿירן בנוגע ייִדיש און ייִדיש-וועלטלעכער קולטור אַ טאָפּלטע בוכהאַלטעריע: אַליין גייען זיי אין וועג פֿון אַקטיווער אָדער פּאַסיווער אַסימילאַציע, און פֿאַר דער אַרבעטער-מאַסע פּראָפּאַגאַנדירט מען די אידעע פֿון דער ייִדיש-וועלטלעכער שול; פֿאַר דער פּאַרטיי שטיצט מען די טעגלעכע אויסגאַבע אויף ייִדיש — אַליין אָבער לייענט מען נישט און מען האַלט נישט פֿון קיין ייִדישער ליטעראַטור; מען שיקט נישט די אייגענע קינדער אין דער ייִדיש-וועלטלעכער שול, מען שעמט זיך און מען מיידט אויס אין דער אייגענער סביבה צו רעדן ייִדיש. ח׳ יוסף האָט אין זײַן רעפֿעראַט באַוויזן, אַז נייטראַליזם לגבי ייִדיש און ייִדיש-וועלטלעכער קולטור פֿירט סוף-כּל-סוף צו אַקטיווער אַסימילאַציע. ער האָט געהאַלטן, אַז די אַקטיווע אַסימילאַציע דאַרף באַקעמפֿט ווערן דורך אַן אַקטיווער נאַציאָנאַל-קולטורעלער אַרבעט און פּראָגראַם, וועלכע דאַרף נאַטירלעך זײַן סאָציאַליסטיש אין איר אינהאַלט, אָבער ייִדיש אין איר פֿאָרם און אויסדרוק.

ח׳ יוסף האָט געהאַלטן, אַז דער לאָזונג פֿון נאַציאָנאַל-קולטורעלער אויטאָנאָמיע איז מער נישט אַקטועל אין דער הייַנטיקער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפֿט, „אָבער אין זײַן גאַנצן פֿאַרנעם דאַרף אײַנגעהאַלטן ווערן דער אויטאָנאָמיזם. עס איז דאָ אַן אייגנאַרטיק ייִדיש לעבן, וואָס מוז געפֿינען זײַן אָפּשפּיגלונג אין בוי פֿון אַ געהעריקער אָרגאַניזאַציע. צי די דערמאָנטע אייגנאַרטיקייט באַציט זיך בלויז צום קולטור-געביט, צי אויך צו אַנדערע

געביטן — דאָס וועט שוין ווייַזן די פּראַקטיק. בכלל גע־נומען גייען אַריבער די אייגנאַרטיקייטן — די ראַמען פון בלויזער קולטור. אויטאָנאָמיזם איז אָבער אַ גילטי־קער פּרינציפּ סיי פאַר דער איצטיקער און סיי פאַר דער קינפטיקער סאָציאַליסטישער תקופה". *)

אָט אַזאַ איז געווען דער ח' יוסף. אויסגעהאַלטן, פעסט, גראַדליניק. נישט געשוינט זייַנע קעגנער. נישט אָפּגעריסן געוואָרן אויף קיין איין מינוט פון דעם שוואַרצ־ערדיקן באָדן פון יידישן לעבן. געטרייַ דער יידישער שפּראַך און מאָדערנער קולטור. מיט גרויסע אַמביציעס צו שאַפן אייגענע קולטורווערטן און מיט פאַנאַטישן גלויבן אין די קרעפטן פון די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן. זייַן וועלטאָנשויונג איז געווען אַ גאַנצקייט, אינ־טערנאַציאָנאַליזם און בלוטיקער אינטערעס פאַר דער אַלוועלטלעכער אַרבעטער־באַוועגונג האָבן זיך דאָ האַר־מאָניש צונויפגעלעבט מיט זייַנע נאַציאָנאַלע געפילן און באַוווּסטזייַן.

ראַדיקאַל אין זייַנע אָנשויונגען אויף דער טאַקטיק און לאָזונגען פון פּאָליטישן קאַמף, פונאַנדערגייענדיק זיך מיט דער מערהייט פון דער פּאַרטיי אין די וויכטיקסטע פראַגן פון פּראָגראַם און טאַקטיק, — איז יוסף דאָך גע־ווען מער ווי געטרייַ און איבערגעגעבן דעם „בונד" און דער אידעע פון „בונד". ער האָט טיף איבערגעלעבט יעדע גרעסערע און קלענערע געשעעניש אין „בונד", ער האָט געפילט ליבע און פּיעטעט צו דער געשיכטע פון דער גרויסער יידישער אַרבעטער־פּאַרטיי, ער איז געווען ערנסט באַזאָרגט וועגן דעם גורל פון דער פּאַרטיי אין הייַנטיקן טאָג, און זי געהיט פון אינערלעכע שפּאַל־טונגען. אין דעם „בונד" האָט ער געזען דעם גרויסן רעזערוואַר פון די רעוואָלוציאָנערע כּוחות פון יידישן אַרבעטער־קלאַס, די איינציקע האָפענונג און

---

*) ציטירט לויטן באריכט אין דער „פּאָליקסצייטונג" וועגן צוזאַ־מענפאָר.

פערספעקטיוו פון יידישן אַרבעטספּאָלק. דער „בונד" איז פאַר אים געווען מער ווי אַן ענין פון פּאָליטיק, עס איז געוואָרן די זאַך פון זיין גרעסטער אינטימקייט, איבער־לעבונג. זיין גאָרן פּאַטאָס און ברען, זיין אינטערנאַציאָ־נאַליזם, זיין גאַנצן רעוואָלוציאָנערן טעמפּעראַמענט און זיינע הייסעסטע געפילן אַלס זון פון די יידישע מאַסן — האָט ער האַרמאָניש צונויפגעגאָסן אין דעם, וואָס עס איז פאַר אים געווען דער „בונד".

## אין דער שול־אָרגאַניזאַציע.

באַלד ווי יוסף איז געקומען קיין וואַרשע, האָט ער פאַרנומען דעם פאַראַנטוואָרטלעכן אַמט פון סעקרע־טאַר פון „צענטראַלן דינעזאָן־שול־קאָמיטעט". דער דאָזי־קער אַמט איז געווען נאָך מער פאַראַנטוואָרטלעך, ווײַל דער ייִד׳־וועלטלעכער שולוועזן אין פוילן איז דאַן גע־שטאַנען ערב זײַן פאַראייניקונג און צענטראַליזירונג. אין משך פון די מלחמה־יאָרן און פון די ערשטע יאָרן פון פוילנס אומאָפּהענגיקייט זענען איבערן לאַנד סטי־כיש אויסגעוואַקסן צענדליקער און צענדליקער ייִד׳־וועלט־לעכע עלעמענטאַר־שולן, קינדערהיימען און אַפילו מיטל־שולן. די אַלע אַנשטאַלטן האָבן אַרומגענומען העכער 20 טויזנט קינדער. דאָס ייִדישע לעבן איז געווען זייער שוואַך צוגעגרייט צו אַזאַ שולנעץ אין דער ייִדישער שפּראַך: עס האָבן געפעלט לערן־ און לייען־ביכער פאַר די קינדער, נישט געווען קיין פּראָגראַם פאַר די שולן, גישט געווען קיין לערער און שול־פאַרוואַלטערס, נישט געווען קיין אָרגאַניזאַציע, וועלכע זאָל מיט דעם אַלעם אָנפירן. און אָט אין דעם מאָמענט, ווען מ׳האָט אָנגע־הויבן גרייטן אַ שול־צוזאַמענפאַר, וועלכער זאָל פאַראײ־ניקן און צענטראַליזירן דעם נײַ־געשאַפענעם שולוועזן, האָט עס ה׳ יוסף פאַרנומען דעם אַמט פון סעקרעטאַר פון צ. ד. ש. ק.; אויף אים איז, הייסט עס, אַרויפגעלייגט געוואָרן אויב נישט די גאַנצע, איז יעדנפאַלס די הויפּט־

פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿאַרן צוגרייטן דעם צוזאַמענפֿאָר און דעם פֿאַראייניקונגס-פּלאַן.

ח׳ יוסף האָט אַנטוויקלט אַ גרויסע און רײַכע טעטיקייט. ער האָט אַרויסגעוויזן אַן אויסערגעוויינלעכן אָרגאַניזאַטאָרישן טאַלענט. ער האָט זיך זייער שנעל צוגעפּאַסט צו די אָרטיקע פֿאַרהעלטנישן אין פּויליש-יידישן לעבן, צו די צווישן-פּאַרטייִשע באַציִונגען און צו דעם כאַראַקטער פֿון דער שולאַרבעט. אין יולי 1921 איז פֿאָרגעקומען דער גרויסער און אימפּאָזאַנטער שול-צוזאַמענפֿאָר. יוסף איז געשטאַנען בײַם רודער פֿון צוזאַמענפֿאָר, איז געווען אַקטיוו אין דער בונדישער פֿראַקציע, איז עטלעכע מאָל אויפֿגעטראָטן אויפֿן פּלענום פֿון צוזאַמענפֿאָר גופֿא. דער צוזאַמענפֿאָר האָט פּראָקלאַמירט די גרינדונג פֿון דער צענטראַלער יידישער שול-אָרגאַניזאַציע און אויסגעקליבן אַ הויפּט-פֿאַרוואַלטונג פֿון דער צישאָ. ח׳ יוסף איז אַרײַן אין דער הויפּט-פֿאַרוואַלטונג און אין איר עקזעקוטיוו, ער איז אויך אין דער נײַ-געגרינדעטער אָרגאַניזאַציע געבליבן סעקרעטאַר, — דער סעקרעטאַר פֿון דער צישאָ.

עטלעכע יאָר נאָך אַנאַנד איז ח׳ יוסף געשטאַנען בראש פֿון דער פּראַקטישער אַרבעט אין דער שול-אָרגאַניזאַציע, און אויב ער האָט די דאָזיקע אַרבעט אויפֿגעגעבן, איז עס געווען דערפֿאַר, ווײַל די אַרבעט אין דער רעדאַקציע „פֿאָלקסצײַטונג״ און די פּאָליטישע פּאַרטיי-אַרבעט האָבן אַלץ מער פֿאַרשלונגען זײַן צײַט און ענערגיע. פֿאַר די עטלעכע יאָר, וואָס ח׳ יוסף איז געווען סעקרעטאַר פֿון דער שול-אָרגאַניזאַציע, האָט ער אַנטוויקלט אַ גרויסע, פֿאַרצווײַגטע אַרבעט: ער האָט געטראָגן די זאָרג פֿאַר די פֿינאַנציעלע מיטלען, ער האָט געהאַט השגחה איבער דער אָרגאַניזאַציע און פֿונקציעס פֿון אַלע אַרבעטס-געביטן אין צישאָ, ער האָט רעדאַגירט „שול און לעבן״, און ער האָט פֿון צײַט צו צײַט געמאַכט רײַזעס אין לאַנד און אין אויסלאַנד צוליב די ענינים פֿון צישאָ.

דער ערשטער פּאָרזיצער פון צישאָ איז געווען ביינעש מיכאַלעוויטש, דער באַליבטער פירער פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, איר טריבון און געוויסן. און ווען אין 1928 איז ביינעש מיכאַלעוויטש געשטאָרבן, האָט דעם ערן־אַמט פון פּאָרזיצער אין דער צישאָ—פאַר־נומען, לויט אַלעמענס אָנערקענונג און אויסוואַל פון הויפּט־פּאַרוואַלטונג, דער ח׳ יוסף. עס איז געווען דער שכר פאַר זיין געטריישאַפט און איבערגעגעבנקייט צו דער ייִד׳־וועלטלעכער קולטור בכלל און צו דער פאָלקס־שול בפרט. און ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן האָט ח׳ יוסף פאַרנומען דעם דאָזיקן בכבודיקן אַמט. און גע־טראָגן האָט ער דעם ערן־טיטול פון צישאָ־פּאָרזיצער — מיט גרויס אחריות, מיט ליבע צו דער שול; און געווע־נען האָט ער אויף דעם אַמט די אַכטונג און אויטאָרי־טעט ביי אַלע טיילן פון דער צישאָ — סיי ביי דער לערערשאַפט, סיי ביי די באַזונדערע פּאַרטיי־פּאַרטרע־טונגען און ריכטונגען אין די רייען פון דער שול־אָרגאַ־ניזאַציע. ח׳ יוסף האָט זיך אינטערעסירט מיט יעדער קלייניקייט, זיין אויג איז אַריינגעדרונגען אין יעדן ווינ־קעלע. ער האָט זיך געמיט און געטון אַלץ, אַז סיי אין פּאָליטישן קאַמף פאַר דער שול, און סיי אין די פּראַג־ראַמאַטיש־אידעיִשע באַשלוסן זאָל די צישאָ טראָגן הויך די פאָן פון ייִדישן אַרבעטער־קלאַס און פון זיינע אי־דעאַלן.

ח׳ יוספן איז באַשערט געווען איבערצולעבן אין דער שול־אָרגאַניזאַציע דעם שווערן פּעריאָד פון ווירט־שאַפטלעכן קריזיס אין לאַנד, ווען די פּויפּעריזירונג פון די ייִדישע מאַסן אין פּוילן איז דערגאַנגען צו דער שוי־דערלעכסטער מדרגה. גלייכצייטיק האָבן די שולן געליטן פון פאַרשידענע מינים רעפּרעסיעס, און נישט איינע פון זיי איז געפאַלן אונטער אָט דער טאָפּלטער לאַסט. ח׳ יוסף, אַלס פּאָרזיצער פון שול־אָרגאַניזאַציע, איז געשטאַ־נען אויף דער וואַך, האָט געמונטערט, אויפגעפּאָדערט צו נאָך גרעסערע קרבנות און אָנשטרענגונגען, האָט אין

די רייען פון דער פאַרביטערטער און אויסגעמאַטערטער לערערשאַפט אַרײַנגעטראָגן גלויבן און האָפענונג אויף בע-סערע צײַטן, און האָט פאַר אַלע נאָענטע מיטאַרבעטער געדינט אַלס מוסטער.

אין דער שול-אָרגאַניזאַציע זענען, ווי געזאָגט, גע-ווען פאַרטראָטן עטלעכע פאַרטייען און ריכטונגען (בונד, לינקע פועלי-ציון, אומאָפּהענגיקע סאָציאַליסטן, ראַדיקאַל-דעמאָקראַטישע גרופּע), — און ח׳ יוסף האָט געוווּסט די קונסט צו געווינען אַלעמען גלײַך פאַר דער אַרבעט; ער איז געווען אויטאָריטעט און חבר. אין מאָמענטן פון אינערלעכע רײַבונגען און שטרײַטערײַען האָט ער גע-וווּסט, ווי אַזוי צו מילדערן די קעגנזאַצן, ווי אַזוי צו-ריק צו ברענגען דאָס גלײַכגעוויכט פון דער אָרגאַני-זאַציע, און געווונען האָט ער שטענדיק — אַ דאַנק זײַן קלוגשאַפט און טאַקט, אַ דאַנק זײַן לאָיאַלער און טאָ-לעראַנטער באַציִונג צום קעגנער, אַ דאַנק דעם, וואָס פון יעדער טאַט זײַנער איז געווען צו זען ראשית-כל — זײַן געטרײַשאַפט צו דער שול, זײַן ווייטיקדיק איבער-לעבן די שוועריקייטן פון דעם שולקאַמף און שולבויונג.

# דער שריפטשטעלער.

יוסף איז געווען אַ גאָט־געבענטשטער שרײַבער. זײַן ייִדיש איז געווען פֿאָלקסטימלעך און עכט־יאָדער־דיק. זײַן סטיל איז געווען קלאָר און דורכזיכטיק, נישט נאָר איז דער אינהאַלט פֿון זײַנע אַרטיקלען געווען שטענדיק שטרענג־לאָגיש און אויסגעהאַלטן, פֿאַרענדיקט און פֿאַרקײַלעכדיקט — אַזוי איז אויך געווען דער כאַראַקטער פֿון זײַן שרײַבן, זײַן אַרט בויען דעם זאַץ, זײַנע פֿאָרמולירונגען און אויסדרוקן.

יוסף איז געווען אַ וווּנדערבאַרער רעדאַקטאָר. ער האָט געהיט די ריינקייט פֿון ייִדיש און איר אייגנאַרטי־קייט. ער איז נישט מיד געוואָרן צו פּוצן און פּאָלירן, רייניקן און יעטן — סײַ זײַן אייגענעם אַרטיקל און סײַ אַ פּרעמדן. האָט ער אַמאָל געטראָפֿן אין אַן אַרטיקל פֿון אַ ייִדישן לערער אין „נײַע שול" אָדער שפּעטער „שולוועגן"— עפּעס אַ וואָרט אָדער אויסדרוק אָדער זאַץ, וואָס איז געווען שלעכט געבויט, גראַמאַטיקאַליש פֿאַרגרײַזט, אָדער פֿאַרסלאַווישט צופֿיל, צי נישט־ייִטיק, — האָט זיך שוין יענער נישט געקאָנט אויסקויפֿן פֿון יוספֿס פֿאָרוווּרפֿן: „ס'טײַטש, אַ לערער פֿון דער ייִדיש־וועלטלעכער שול, וועלכער דאַרף אַליין דינען ווי אַ מוסטער..." און ווירק־לעך, יוספֿס אַרטיקלען האָט איר קיינמאָל נישט געקאָנט מאַכן אַזעלכע פֿאָרוווּרפֿן: זיי זענען אַלע מאָל געווען פֿאַרענדיקט, אויסגערעדאַגירט, פֿאַרייִדישט, — האָבן זיי געמעגט זײַן געשריבן ווי אײַליק, האָט עס געמעגט זײַן



ביי אַ ,פּייערונג אין 1923 אין מעדעם־סאַנאַטאָריע.

אין דער רייע פון לינקס אויף רעכטס:

שלום אַש, ה. ד. נאָמבערג, יוסף לעשטשינסקי, ב. וולאַדעק.

אַ צײַטונגס-אַרטיקל מעגינא דיומא, אָדער גאָר פּאַרטיי-טעזן צו אַ צוזאַמענפֿאָר, צי אַ רעזאָלוציע פֿאַר אַ פֿאַר-זאַמלונג. שטענדיק האָט ער זיך געבעטן: גיט מיר, איך וועל דאָס שוין מאַכן אַליין...

יוסף איז געווען אַ גלענצנדער פּאָלעמיסט. און דערבײַ — אָן קונצן, גלײַך „געננומען דעם אָקס פֿאַר די הערנער", אָן באַזונדערער מליצה און פֿאַרפּוצונגען, אָפֿן, אוממיטלבאַר. ער האָט יענעם אַ „טויטן אַוועקגעלייגט"— מיט זײַן אײַזערנער לאָגיק, מיט זײַן אויפֿריכטיקן טאָן, מיט זײַן טיפֿן און אַלזײַטיקן אַרײַנדרינגען אין יענעמס אַרגומענטן.

יוסף האָט געהאַט די אינטימסטע באַציִונג צו ייִדי-שער ליטעראַטור, און דערפֿאַר איז אין דעם זשורנאַל „אונזער צײַט", וועלכן ער האָט רעדאַגירט אין פּולמאַכט פֿון „בונד", געווען אָפּגעגעבן אַ סך פּלאַץ דער ייִדישער ליטעראַטור און קולטור. און דערפֿאַר איז יוסף געווען במשך פֿון עטלעכע יאָר רעדאַקציע-מיטגליד פֿון „ביכער-וועלט" — אַ חודש-זשורנאַל פֿאַר ליטעראַטור, קריטיק און קולטור; ער האָט דאָ אַליין פֿיל אַרטיקלען געשריבן אויף די טעמעס פֿון ייִדישער קולטור און ליטעראַטור-געזעלשאַפֿטלעכקייט. דערפֿאַר האָט יוסף זיך אַזוי וואַרעם אינטערעסירט מיט דער ליטעראַרישער זײַט אין „פֿאָלקס-צײַטונג" און שפּעטער מיט דער „וואָכנשריפֿט פֿאַר לי-טעראַטור". יוסף האָט געהאַט אינטערעס אויך צום ייִדישן שרײַבער, און ער איז מיט אַ סך פֿון זיי געווען פּער-זענלעך באַפֿרײַנדעט, און ער האָט זיך באַמיט זיי צו באַאײַנפֿלוסן אין דער ריכטונג פֿון סאָציאַליסטישער קול-טור און וועלט-אָנשויונג. יוסף האָט זיך דעריבער אינ-טערעסירט מיט די אָנגעלעגנהייטן פֿון זשורנאַליסטן-סינ-דיקאַט און ליטעראַטן-פֿאַראיין, וואָס פֿון זײַן פֿאַרוואַל-טונג איז ער עטלעכע מאָל געווען אַ מיטגליד.

יוסף האָט אויך געזאָרגט וועגן ייִדישן בוך. ער

האָט געוווּסט, אַז ביזן אָנקומען צום ייִדישן לייענער — מוז דאָס וואָרט פונעם דיכטער און קינסטלער אַדורכ־מאַכן אַ שווערן, דאָרניקן וועג. ער האָט געוווּסט, אַז דאָס ייִדישע בוכוועזן נייטיקט זיך אין אָרגאַניזאַציאָנעלער און פינאַנציעלער הילף. ער האָט געגלויבט, אַז דאָס ייִדישע פאַרלאַגס־וועזן דאַרף טראָגן אַ געזעלשאַפטלעכן און נישט קיין פּריוואַטן כאַראַקטער. און דעריבער האָט ח׳ יוסף אָפּגעגעבן פיל צײַט און אויפמערקזאַמקייט דעם געזעלשאַפטלעכן פאַרלאַג „קולטור־ליגע״, איז געווען אַ מיטגליד אין זײַן פאַרוואַלטונג, האָט רעדאַגירט זײַנע אויסגאַבן, האָט אים נישט איין מאָל אין דער עפנטלעכ־קייט רעפּרעזענטירט.

יוסף האָט שטענדיק געליטן מאַטעריעלע נויט, שטענדיק שווער געאַרבעט. און שטענדיק געאַרבעט פאַר־טייִיש און געזעלשאַפטלעך איבער זײַנע כּוחות — אומע־טום געהאַט אַ שייכות, אומעטום געווען אַקטיוו, אומע־טום געהאָלפן מיט ראַט און טאַט, קיין מאָל זיך נישט אָפּגעזאָגט פון פאַראַנטוואָרטלעכער שליחות. און בײַ דעם אַלעם האָט ער געפונען צײַט און ענערגיע צו ערנסטע ליטעראַרישע אַרבעטן. צווישן אַט דעם מין דאַרפן פאַרצייכנט ווערן זײַנע איבערזעצונגען: עדואַרד בערנשטיין — „פערדינאַנד לאַסאַל״, עד. בערנשטיין — „די דײַטשע רעוואָלוציע״, מ. בעער — „געשיכטע פון סאָציאַליזם״, איגנאַציאָ סילאָנע — „דער פאַשיזם״, מאַרקס־ענגעלס — „קאָמוניסטישער מאַניפעסט״, — דאָס זענען פינף גרויסע ווערק, מיט וועלכע יוסף האָט באַרײַכערט די ייִדישע איבערזעצונגס־ליטעראַטור. דערבײַ איז זײַן איבערזעצונג געמאַכט מיט דער גרעסטער קולטור, מיט דרך־ארץ צו די מחברים און זייערע ווערק, מיט ליבע צו ייִדיש און מיט זאָרג פאַרן פּשוטן ייִדישן לעזער.

יוספס בײַטראָג אויפן געביט פון ייִדישער פּובלי־ציסטיק און זשורנאַליסטיק, אויפן געביט פון איבערזעצונגען איז גרויס. יוסף איז געווען אַן אויסערגעוויינלעך באַגאַב־

טער פעיִקער זשורנאַליסט, אַ גוטער שפּראַכקענער, אַ פיינער סטיליסט, אַ גלענצנדער איבערזעצער און רע־דאַקטאָר.

יוסף האָט זיין נאָמען אַריינגעשריבן אין דער יידי־שער ליטעראַטור.

## יוספס טויט און לוויה.

יוסף איז שטענדיק געווען קראַנק. ער האָט שרעקלעך געהוסט און שטאַרק געליטן פון שלאָפ־לאָזיקייט. דער טובערקולאָז האָט ביסלעכווייַז און סיס־טעמאַטיש דורכגעפרעסן זייַנע לונגען. ער איז מיט יעדן יאָר אַלץ שוואַכער געוואָרן און ווייניקער ווידערשטאַנדס־פעיִק קעגן זייַן אַלטער קראַנקהייט. אין די לעצטע פּאָר יאָר איז צו דעם אַלעם צוגעקומען שווידערלעכע מאַ־טעריעלע נויט, אויך די אויסערלעכע באַדינגונגען פון זייַן לעבן האָבן זיך שטאַרק פאַרערגערט. אין יוני 1934 איז ער געווען אַ קורצע צייַט אַרעסטירט... בייַ דעם אַלעם איז יוסף אין דער אַרבעט געווען אומדערמידלעך. ער איז אַ סך אַרומגעפאָרן, אָפט אַרויסגעטראָטן אויף רעפעראַטן און פאַרזאַמלונגען. און דאָס אַלץ צוזאַמען האָט סוף־כל־סוף אײַנגעבראָכן דעם אָפּגעשוואַכטן אָרגאַ־ניזם.

די לעצטע 8 וואָכן איז יוסף געלעגן צוגעשמידט צום קראַנקנבעט. וואָכן נאָך אַ נאַנד איז די טעמפּעראַ־טור דערגאַנגען צו 39 גראַד און מער. יוסף האָט זיך געשטאַרקט, ער האָט זיך אינטערעסירט מיט די פּאָלי־טישע געשעענישן, געלייענט די „פּאָלקסצייַטונג”, פונאַנ־דערגעפרעגט זיך וועגן יעדער קלייניקייט אין דער פּאַר־טיי און שול־אָרגאַניזאַציע. אָבער זייַן צושטאַנד האָט זיך אַלץ פאַרערגערט. שפּעטער זענען נאָך צוגעקומען קאָמ־פּליקאַציעס. די דאָקטוירים האָבן געגעבן אַלץ ווייניקער

האָפּענונגען. יוסף האָט געברענט אין היץ. פון צײַט צו צײַט נאָר פּלעגט ער פון זיך אַרויסרײַסן אַ פּאָר ווער־טער:

— עפנט די פענצטער, האָט ער געבעטן, עפנט אַלע פענצטער... עס איז דאָך אַזאַ שיינער טאָג..

חבר יוסף האָט זיך געראַנגלט מיט די לעצטע כּוחות. ער האָט כּסדר שווער געזיפצט, געמאַכט סימנים, אַז ער וויל עפּעס זאָגן, געפּרוּווט אַרויסברענגען אַ וואָרט, אָבער עס איז אים נישט געלונגען...

אַלע האָבן געזען — עס לעשט זיך אויס דאָס ליכט...

אַ קורצע צײַט פאַר דער גסיסה האָט ער זיך אויפגעכאַפּט, אַרומגעקוקט זיך און אַ זאָג געטון:

— פאַרפאַלן, איך מוז גיין...

באַלד האָט זיך אָנגעהויבן די גסיסה...

נאָך דרײַ פערטל שעה, און יוסף האָט צום לעצטן מאָל צונויפגענומען אַלע זײַנע כּוחות, אַ קוק געטון אויף די אָפענע פענצטער — און אויסגעהויכט די נשמה.

יוסף איז געשטאָרבן! נישטאָ מער צווישן אונדז — ח׳ יוסף כמורנער!

דינסטיק דעם 30טן יולי, 3 נאָך מיטאָג, 1935 — אין עלטער פון 51 יאָר — איז אויסגעגאַנגען יוסף לעשטשינסקי (י. כמורנער).

מיטוואָך דעם 31טן יולי האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד" אין אַ גרויסער טרויער־מעלדונג אויף דער גאַנצער ערשטער זײַט פון „פאָלקסצײַטונג" געלאָזט וויסן דעם ייִדישן אַרבעטער־קלאַס: „אונדזער באַליבטער פירער, איינער פון די געטרײַסטע, אומדערמידלעכסטע און מוטיקסטע קעמפער פאַר דער באַפרײַונג פון אַרבעטנדיקן פאָלק, איינער פון די אָנגעזעענסטע און טאַלאַנטפולסטע טוער פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג, דער לאַנגיאָריקער מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט פון אונדזער פאַרטיי, ח׳ י. כמורנער (יוסף לעשטשינסקי) איז געשטאָרבן".

אויך די הויפּט־פאַרוואַלטונג פון דער צענטר׳ ייִד׳

שול-אָרגאַניזאַציע האָט געמאָלדן „אַלע שול-פאַרוואַל-טונגען, די לערער און די פרײַנד פון דער ייִד׳-וועלט-לעכער שול וועגן דעם טויט פון אונדזער פאָרזיצער, דעם לאַנגיאָריקן קעמפער פאַר די רעכט פון דער ייִדישער שפּראַך, איינער פון די גרינדער און בויער פון דער צענטר׳ ייִדישער שול-אָרג׳ אין פוילן".

אויף די גאַסן פון וואַרשע זענען אויסגעקלעפּט געוואָרן טרויער-מודעות. עס איז אויסגעבילדעט געוואָרן אַ לוויה-קאָמיטעט. וועלכער האָט באַלד דעם קערפּער פון ח׳ כמורנער אַריבערגעפירט פון אָטוואָצק קיין וואַר-שע, און דאָ איז דער אָרון אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין לאָקאַל פון דער פּאַרטיי — אויף פּזשעיאַזד 9. אין אַלע פּאַרטיי-לאָקאַלן זענען אַרויסגעהאָנגען געוואָרן רויטע פענער, איינגעהילט אין קרעפּ.

בײַם אָרון איז געשטאַנען אַן ערנוואַך, וועלכע האָט זיך געטוישט יעדע 15 מינוט. טויזנטער און טויזנ-טער בונדיסטן און סימפּאַטיקער האָבן אַהער געשטראָמט, כּדי צו געזעגענען דעם לערער און פירער.

דאָנערשטיק דעם 1טן אויגוסט איז געווען די לוויה. פון 1 בײַטאָג האָבן ייִדישע אַרבעטער פאַרלאָזט די וואַר-שטאַטן און פאַבריקן, כּדי זיך צו באַטייליקן אין לוויה-צוג. 200 דעלעגאַציעס האָבן זיך געמאָלדן אָפּצוגעבן דעם לעצטן כּבוד דעם חבר יוסף.

אַ ריזיקע מאַסע פון העכער צען טויזנט מאַן איז געקומען צום לוויה-צוג. אַרום — רויטע פענער געהילט אין שוואַרצן. הונדערטער קרענץ און לענטעס מיט די אינטימסטע אויפשריפטן, וועלכע דריקן אויס ליבע און צוגעבונדנקייט פון די ייִדישע אַרבעטער-מאַסן צום פאַר-שטאָרבענעם. דער אָרקעסטער שפּילט טרויער-לידער. טראַגישע ערנסטקייט האָט אַרומגענומען דעם גאַנצן עולם. עס באַטייליקן זיך אין צוג אויך די ייִנגסטע — די סקיפּיסטן און די שילער פון די עלטערע קלאַסן פון די ייִד׳-וועלטלעכע שולן.

די אָרדענונג איז מוסטערהאַפט. אַרום 4 אַ זייגער

איז דער צוג אָנגעקומען אויפן בית־עולם. ח׳ יוספן איז אָפּגעגעבן אַ פּלאַץ נעבן קבר פון אומפאַרגעסלעכן ביי־ניש מיכאַלעוויטש. ביים אָפענעם קבר האָבן געהאַלטן רעדעס די ח״ח ה. ערליך, מ. וואַסער, ל. אָלער, יעקב פּאַט (אין נאָמען פון צישאָ), וו. אַלטער, נ. בוקסבוים, ל. וואַרשאַווסקי, ל. פינקעלשטיין (ליטעראַטן־פאַראיין) און פראָים לאָזער (לאָדזש).

* *
*

אויך די צישאָ האָט זיך געזעגנט מיטן ח׳ יוסף און אים אָפּגעגעבן דעם לעצטן כבוד. שטיל און אינ־טים, האַרציק און אויפריכטיק איז געווען די דאָזיקע געזעגענונג — מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ האָבן די חברים פון צישאָ געזעגנט דעם ח׳ יוסף. דער ווייטיק איז גע־ווען טיף, אומהיילבאַר.

דעם 31טן יולי איז פאָרגעקומען אַן אויסערגע־וויינלעכע טרויער־זיצונג פונעם עקזעקוטיוו פון דער צישאָ. עס זענען אָנוועזנד געווען די ח״ח י. פּאַט, נ. בוקסבוים, ש. זאַגאַן, ש. זוסמאַן, ש. גילינסקי, י. קענער. צוליב אורלויב האָבן אַ ריי חברים געפעלט: ל. האָ־דעס, נ. מירער, ה. ש. קאַזדאַן, י. שעניצקי; ח׳ ש. מענדעלסאָן איז געווען אין אויסלאַנד, אין שליחות פון צישאָ.

די טרויער־זיצונג איז געעפנט געוואָרן דורכן ח׳ י. פּאַט, וועלכער האָט אין זיין וואָרט געגעבן אַן אָפּ־שאַצונג פונעם פאַרשטאָרבענעם, גערעדט וועגן דער ווייטיק־לעכער אבידה פאַר דער צישאָ און איר אַרבעט. די האַרציקע ווערטער פונעם ח׳ פּאַט, וועלכע זענען גע־ווען געווידמעט דעם אָנדענק פון דעם ח׳ לעשטשינסקי, זענען דורכן עקזעקוטיוו אויסגעהערט געוואָרן שטיי־דיק, ביי אַ טיפן טרויער.

דער עקזעקוטיוו האָט דאַן אָנגענומען אַ ריי באַ־שלוסן וועגן זיין אָנטייל אין דער לויה און אינעם אַל־געמיינעם טרויער פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט, ווי

אויך וועגן פאראייביקן דעם אָנדענק פונעם פאַרשטאָרבענעם.

די באַשלוסן פון עקזעקוטיוו זענען געווען אַזעלכע:

גענבן טרויער-מעלדונגען אין די צײַטונגען;

אַרויסלאָזן טרויער-פּלאַקאַטן, וועלכע זאָלן צעקלעפּט ווערן איבער די גאַסן פון וואַרשע;

פונאַנדערשיקן טעלעגראַמעס צו אַ גאַנצער רייע חברים און אָרגאַניזאַציעס אין לאַנד און אויסלאַנד;

שיקן אַ פאָרשטייער אין לוויה-קאָמיטעט;

אַרויסהענגען אַ טרויערפאָן אויפן באַלקאָן פון דעם ציִשאָ-לאָקאַל;

מעלדן וועגן טויט — די קינדער און עלטערן, ווי אויך די לערער פון אונדזערע שולן, און רופן זיי צו באַטייליקן זיך אין דער לוויה;

גרינדן אַ פאָנד אויפן נאָמען פון ח׳ י. כמורנער — אויף אַרויסצוגעבן קינדער- און לערן-ליטעראַטור פאַר אונדזער שול;

אָנרופן אַ רייע פאַלקשולן אויפן נאָמען פון פאַר-שטאָרבענעם;

אַרויסלאָזן אַ צירקולאַר צו אַלע שולן און ציִשאָ-אָפּטיילונגען;

אויפהענגען דאָס בילד פון ח׳ לעשטשינסקי אין לאָקאַל פון ציִשאָ;

בײַם אָנהייב פון שוליאָר פאַרצייכענען אין די שולן דעם אָנדענק פון ח׳ לעשטשינסקי;

שיקן צו דער לוויה אַ דעלעגאַציע מיט אַ קראַנץ, דאָס אויפטרעטן מיט אַ רעדע בײַם קבר — איבערגעבן דעם ח׳ י. פּאַט.

אויף מאָרגן, דאָנערשטיק דעם 1טן אויגוסט, ווען דער קערפּער פון ח׳ יוסף איז געבראַכט געוואָרן צו קבורה, האָבן אין די רייען פון טרויערצוג זיך באַטייליקט הונדערטער קינדער פון די יִדיש-וועלט-לעכע שולן, עס האָבן זיך אויך באַטייליקט צענדליקער לערער. בײַם אָפענעם קבר האָט ח׳ פּאַט געהאַלטן אַ רעדע, וועלכע האָט טיף גערירט אַלע אָנוועזנדע.

אין צוג האָט זיך באַטייליקט אַ גרעסערע דעלע־גאַציע פון צישאָ, בראש פון וועלכער עס האָבן געטראָגן אַ קראַנץ די ה"ח ת. ש. קאַזדאַן, נ. בוקסבוים און ש. זוסמאַן.

אויף די ערטער, אין גרעסערע און קלענערע שטעט, האָט דער טויט פון ח׳ לעשטשינסקי אַרויסגערופן אַ גרויסן אויפריכטיקן טרויער. די אָפּטיילונגען פון צישאָ אין ווילנע און ביאַליסטאָק האָבן אויסגעקלעפּט פּלאַקאַטן איבער דער שטאָט, אין די זומער־קאָלאָניעס זענען איינ־געאָרדנט געוואָרן טרויער־אַקאַדעמיעס מיטן אָנטייל פון די קינדער, אַ גאַנצע רייע שולן און אָפּטיילונגען פון דער צישאָ האָבן פאַרעפנטלעכט געקראָלאָגן.

די צענטראַלע יידישע שול־אָרגאַניזאַציע האָט אין דער פרעסע פאַרעפנטלעכט צענדליקער טרויער־דעפּעשן און בריוו, וועלכע זי האָט דערהאַלטן פון לאַנד און אויסלאַנד פון פריינד און אָרגאַניזאַציעס: ייִד׳ וויסנ־שאַפטל׳ אינסטיטוט, שול־אָרגאַניזאַציע פאַר ווילנער פראָ־ווינץ, בילדונגס־דעפּאַרטאַמענט פון אַרבעטער־רינג — פּ. געליבטער, שול־אָרגאַניזאַציע אין סוועציאַן, צענטראַלער בילדונגס־קאָמיטעט אין ווילנע, פרץ־פאַראיין אין טשאָרט־קאָוו, יידישער אַרטיסטן־פאַראיין אין פוילן, צענטראַל־פאַרוואַלטונג פון „אָרט", אַקציע־קאָמיטעט אין יאָהאַנעס־בורג — י. כאַרלאַש, געזעלשאַפט פאַר יידיש־וועלטלעכער שולן אין אַרגענטינע, שול־אָרגאַניזאַציע אין נעסוויעזש, צענטראַל־פאַרוואַלטונג פון דער געז׳ „טאָז", פאַרוואַלטונג פון פרץ־שול אין טשענסטאָכאָוו, שול־אָרג׳ אין סוואַלק, שול־פאַרוואַלטונג און עלטערן־קאָמיטעט אין דרויע, ייִד. שול־אָרג׳ אין פרושאַנע, הילף־קאָמיטעט פאַר די יידיש־וועלטל׳ שולן אין גענף, זרובבל, גיר, י. ראָזען, מיכל און חיה שור א"אַ.

די גאַנצע יידישע פרעסע, אָן אויסנאַם פון ריכ־טונגען, האָט געגעבן גרעסערע אַרטיקלען און נאָטיצן וועגן פאַרשטאָרבענעם, די גאַנצע אַרבעטער־פרעסע איז געווען איינגעהילט אין טיפן טרויער.

באַלד נאָך דער זיצונג פון עקזעקוטיוו האָט די

ציש״אָ אַרויסגעלאָזן פאָלגנדן צירקולאַר־בריוו, וועלכער איז צעשיקט געוואָרן צו אַלע אָפּטיילונגען און שול־פאַר־וואַלטונגען פון ציש״אָ:

## געשטאָרבן י. לעשטשינסקי (י. כמורנעה)

### פאָרזיצער פון ציש״אָ

„טיף דערשיטערט דורך דער שוידערלעכער ידיעה, מעלדן מיר אײַך, אַז דינסטיק, דעם 30טן יולי 1935, איז אין עלטער פון 51 יאָר געשטאָרבן אונדזער לאַנגיאָרי־קער פאָרזיצער,

חבר י. לעשטשינסקי (י. כמורנער).

איר ווייסט אַלע, וואָס פאַר אַ ראָל עס האָט אין אונדזער שול־באַוועגונג געשפּילט ח׳ י. לעשטשינסקי. ער איז געווען איינער פון די גרינדער פון דער ציש״אָ, אין משך פון לאַנגע יאָרן איר הויפּט־סעקרעטאַר, זינט דער גרינדונג פון ציש״אָ איר עקזעקוטיוו־מיטגליד, און נאָך ב. מיכאַלעוויטשעס טויט, איר פאָרזיצער. חבר י. לעש־טשינסקי איז געווען אין אמתן זין פון וואָרט דער מוס־טער פון אויסערגעוויינלעכער איבערגעגעבנקייט צו דער זאַך פון דער נײַער יידישער שול, דער מאָדערנער יידי־שער מאַסן־קולטור, אַן אומדערמידלעכער און אומדער־שראָקענער קעמפער פאַר דער שול פונעם יידישן אַרבע־טער־קלאַס, פאַר די רעכט פון דער יידישער שפּראַך און קולטור.

מיר אַלע, אָן אונטערשיד פון ריכטונג, פילן טיף דעם שווערן פאַרלוסט און דעם שמערץ, וועלכן ער האָט אי־בערגעלאָזט אין אונדזער האַרצן דורך זײַן אַזוי פּריצײַ־טיקן טויט.

מעלדנדיק די טרויעריקע בשורה וועגן י. לעש־טשינסקיס טויט אַלע שולן און אָפּטיילונגען, ווענדן מיר זיך צו אײַך, אַז איר זאָלט צום אָנהייב פונעם נײַעם

שוליאָר אָרגאַניזירן אָנדענק־פֿײַערונגען פֿאַר די קינדער און עלטערן.

די ציש״אָ וועט אַרויסגעבן אַ בילד פֿונעם פֿאַרשטאָרבענעם, וואָס וועט דאַרפֿן אויסגעהאָנגען ווערן אין די שול־לאָקאַלן.

די ציש״אָ רעקאָמענדירט יענע שולן, וואָס האָבן נאָך נישט קיין נאָמען, זיי זאָלן זיך איצט אָנרופֿן אויפֿן נאָמען פֿון חבר י. לעשטשינסקי. זיי דאַרפֿן זיך גלײַך מיט אונדז וועגן דעם פֿאַרשטענדיקן.״

* *
*

באַלד נאָכן טויט פֿון ח׳ כמורנער האָט די געזעלשאַפֿט „אונדזער שול״ צונויפֿגערופֿן אַ טרויער־זיצונג פֿון עקזעקוטיוו. נאָך דעם ווי עס איז באַערט געוואָרן דער אָנדענק פֿון ח׳ כמורנער, האָט דער עקזעקוטיוו אָנגענומען אַ באַשלוס אָנצורופֿן די שול פֿון קראָכמאַלנע 36 אויפֿן נאָמען פֿון פֿאַרשטאָרבענעם חבר י. כמורנער.

דינסטיק דעם 3טן סעפּטעמבער, אין טאָג פֿון אָנהייב פֿון די לימודים, האָט דער פּעדאַגאָגישער ראַט פֿון דער שול קראָכמאַלנע 36 צונויפֿגערופֿן אַן אַלגעמיינע פֿאַרזאַמלונג פֿון די קינדער. די פֿאַרוואַלטערין פֿון דער שול האָט די קינדער דערציילט וועגן באַשלוס פֿון „אונדזער שול״. די קינדער האָבן באַערט דעם אָנדענק פֿון ח׳ כמורנער מיט אויפֿשטיין, און מיט ערנסט און פֿאַרשטענדעניש אויפֿגענומען די ידיעה, אַז פֿון הײַנט און ווײַטער הייסט די שול קראָכמאַלנע 36 — די י. כ מ ו ר נ ע ר ־ ש ו ל.

* *
*

צום אָנהייב פֿונעם לערניאָר האָט די שול־אָרגאַניזאַציע אַרויסגעלאָזן אַ נומער „שולוועגן״, געווידמעט דעם אָנדענק פֿון ח׳ יוסף לעשטשינסקי. דאָס איז געווען דער נומער 1 (15) פֿון דריטן יאָרגאַנג, סעפּטעמבער 1935. אינעם נומער זענען אַרײַן פֿאָלגנדע אַרטיקלען:

— ח. ש. קאַזדאַן ; **יוסף לעשטשינסקי (י. כמורנער)** — שול-אָרגאַניזאַציע אין טיפן טרויער ; ש. מענדלסאָן — דאָס געשטאַלט פון אונדזער יוספן ; נ. בוקסבוים — דער היטער פון אייגנהייט ; מ. טייכמאַן — י. כמורנער און די „שולוועגן" ; נ. מירער — צום אָנדענק פון ח' כמורנער ; י. ראָטנבערג — „אַך, פאַרוואָס איז ער געשטאָרבן".

אין סעפּטעמבער 1935 האָט די שול-אָרגאַניזאַציע אַרויסגעגעבן אין 5 טויזנט עקזעמפּלאַרן אַ בלעטל פון 4 זײַטן, אונטערן נאָמען „יוסף לעשטשינסקי (י. כמור-נער)". דאָס בלעטל איז פאַרטיילט געוואָרן צווישן אַלע עלטערע קינדער פון די ייִדיש-וועלטלעכע שולן איבערן גאַנצן לאַנד. אין דער דאָזיקער אויסגאַבע איז פאַר די קינדער איבערגעגעבן אין קורצן די ביאָגראַפיע פון ח' יוסף, די אָפּשאַצונג פון זײַן געזעלשאַפטלעכער, פּאָליטי-שער און קולטור-ליטעראַרישער טעטיקייט. דאָס דאָזיקע בלעטל ענדיקט זיך מיט פאָלגנדע ווערטער צו די קינדער:

„גרויס איז געווען ח' לעשטשינסקיס זאָרג און ליבע צום ייִדישן קינד, צום קינד פון די אַרבעטנדיקע ייִדישע מאַסן. זײַן האַרץ האָט זיך געפרייט, ווען עס האָבן זיך געעפנט נײַע ייִדיש-וועלטלעכע שולן און קינדערהיימען. ער האָט זיך געפרייט מיט יעדן ביכל, וואָס איז אַרויס-געגעבן געוואָרן פאַר די קינדער, מיט דער מעדעם-סאַ-נאַטאָריע און מיט די זומער-קאָלאָניעס פאַר די קינדער. ער האָט געזאָרגט וועגן יעדער שול באַזונדער, וועגן די לערער, וועגן באַשפּײַזונג פאַר די קינדער. ער איז גע-ווען פאָרזיצער פון ציש"אָ, און ער איז געווען גרייט זײַן לעבן אָוועקצוגעבן פאַר דעם נצחון פון דער ייִדיש-וועלט-לעכער שול.

ח' לעשטשינסקי איז געווען אַ גרויסער מאַן,—אַ מאַן פון גרויסע מעשים און גרויסע איבערצייגונגען, אַזעלכע מענטשן טרעפן זיך זעלטן אין לעבן. אַזעלכע מענטשן ווערן די פירער און לערער אין אַרומיקן לעבן. זיי זענען די לײַכטנדע פײַער-זײַלן, מיט זייער האַרץ וואַ-

רעמען זיך אָן אַלע זייערע אָנהעגגער. אַזעלכע מענטשן זע-
נען אַ גליק פאַר דער אַרבעטנדיקער מענטשהייט. זיי דאַרפן
דינען אונדז אַלס ביישפּיל און דערמוטיקונג אין לעבן.

די קינדער פון די יידיש־וועלטלעכע שולן, די
יידישע אַרבעטער־יוגנט וועלן קיין מאָל נישט פאַרגעסן
דעם נאָמען פון ח׳ י. כמורנער. זיין אָנדענק וועט אייי-
ביק לעבן אין זייער האַרצן.״

* *
*

כּדי צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פונעם פאָרזיצער
פון דער ייד. שול־אָרג׳ ח׳ י. כמורנער (יוסף לעשטשינסקי),
איז ביי דער שול־אָרגאַניזאַציע געגרינדעט געוואָרן אַ
„י. כמורנער־פאָנד״ אויף אַרויסצוגעבן לערנביכער פאַר
די קינדער פון די יידיש־וועלטלעכע שולן.

עס איז דורכגעפירט געוואָרן אַ געלט־זאַמלונג צווישן
די פריינד און פאַרערער פון פאַרשטאָרבענעם ח׳ כמור-
נער, און די זאַמלונג האָט אַריינגעבראַכט אַ סומע פון
עטלעכע טויזנט גילדן. מיט דער סומע איז דער פאָנד
צוגעטראָטן צו דער אַרבעט. לויטן סטאַטוט פון פאָנד,
דאַרפן די אויסגאַבן פאַרקויפט ווערן די קינדער פון די
יידיש־וועלטלעכע שולן לויט זעלבסט־קאָסט־פּרייזן.

במשך פון לערניאָר 1936—37 האָט דער כמורנער-
פאָנד אַרויסגעגעבן פאָלג׳ אויסגאַבן:

1) טייכמאַן, מירער, אַליצקי — יידיש פאַרן 4טן
לערניאָר, 6 בויגן.

2) ל. האַלפּערן, י. ראָטנבערג — יידיש פאַרן 5טן
לערניאָר, כ1 בויגן.

3) י. ראָטנבערג, נ. מירער, ע. ברוידע — מענטש
און אַרבעט, פאַרן 6טן לערניאָר — 9 בויגן.

4) י. ביבער, „פרילינג״ — נאַטורביכל פאַרן 5טן
קל. פאָלקשול, 5 בויגן.

5) י. מעלאַמדאָוויטש, „אונדזער רעכנבוך״, פאַרן
4טן קל. פאָלקשול, 11 ב.

6) נ. מירער — „די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָ-
לוציע״, פאַר שול און יוגנט.

7) ח. ש. קאַזדאַן — אברהם רייזען, זײַן לעבן און שאַפן, 1 בויגן.

8) ח. ש. קאַזדאַן — מענדעלע מוכר ספרים, זײַן לעבן און שאַפן, 1 בויגן.

צוזאַמען זענען די ביכער אָפּגעדרוקט אין 9 טויזנט עקזעמפּלאַרן.

איצט זענען אַרויס נײַע אויסגאַבן צום לערניאָר 1937/38:

9) י. מעלאַמדאָוויטש — רעכנבוך פאַרן 3טן קל.

10) „ „ „ „ 2טן „

11) י. ראָטנבערג — יידיש-בוך פאַרן 7טן קל.

12) נ. מירער — געשיכטע-בוך, III ט׳ (נײַע צײַט).

13) טײַכמאַן-מירער-אָליצקי—יידיש פאַרן 4טן לערנ-יאָר (איבערגעדרוקט און דערגאַנצט).

14) ווי אַזוי דאַרף מען שרײַבן (כּללים פון יידישן אויסלייג).

אַזוי אַרום איז פאַרווירקלעכט געוואָרן דער לאַנג-יאָריקער טרוים פון ח׳ יוסף: די קינדער פון די יידיש-וועלטלעכע שולן האָבן אויף זייערע הענט לערנביכער פון פאַרשידענע געביטן, און די דאָזיקע ביכער זענען פאַר די קינדער ביז גאָר צוטריטלעך לויטן פּרײַז.

אַלע אויסגערעכנטע לערנביכער טראָגן דעם אויפ-שריפט: „י. כמורנער-פאָנד בײַ דער יידישער שול-אָרגאַניזאַציע אין פּוילן“. דער אָנדענק פון ח׳ יוסף איז פאַראייביקט פּילפּאַך. זײַן נאָמען קריצט זיך אײַן אין די הערצער און אין זכּרון פון צענדליקער טויזנטער קינדער.

* *
*

אין לערניאָר 1936—37 האָט איינע פון די גרעס-טע שולן אין ביאַליסטאָק, די א. ג. שול פון „יוגנט-פאַראיין“, באַשלאָסן זיך אָנצורופן מיטן נאָמען י. כמור-נער, אין דער דאָזיקער פּײַערונג האָט אָנטייל גענומען דער גאַנצער פּלענום פון דער ציש״אָ.

*

דאָס איז דער לעבנסוועג פון ח׳ י. כמורנער (יוסף לעשטשינסקי). אָט אַזוי האָט ער געלעבט, אַזוי איז ער געשטאָרבן.

אַ לעבן פול מיט טיפן זין, אַ לעבן — אַ מוסטער.

פונם קערפער פון ח׳ יוסף — איז געבליבן בלויז אַ דענקמאָל אויפן בית-עולם אין וואַרשע.

פון ח׳ יוספס גײַסט — איז געבליבן עטלעכע גע-דרוקטע ווערק — אָריגינעלע און איבערגעזעצטע, — אָבער נאָך עפּעס איז געבליבן:

לויכטנדיקע פונקען אין די הערצער פון דער ייִדי-שער אַרבעטערשאַפט און יוגנט, פונקען פון טיפן גלויבן אין אַ נײַער אָנקומענדיקער וועלט פון סאָציאַלער גע-רעכטיקייט, פונקען פון אידעאַליזם און גרייטקייט צו מסירת-נפש פאַרן נצחון פון דער אַרבעטער-זאַך.

יוספס אָנדענק לויכט ווי אַ גרויסער פײַערזײַל.

יוספס אָנדענק בלײַבט בײַ טויזנטער און טויזנ-טער — אויף אייביק. אין טאָג פון נצחון פון ייִדישן אַרבעטער-קלאַס וועט געזאָגט ווערן: י. כמורנער האָט פיל צוגעטראָגן צו דעם דאָזיקן נצחון, י. כמורנער איז געווען פון די טרוימער און בויער פון דעם בנין פון דער נײַער אָרדענונג.